# יידיש — נישט העברעאיש

אין דעם ויכוח ארום דער צוקונפט און דעם ווייטערדיקן באַ־
שטאַנד פון דער יידישער שפּראַך, אין אונדזער קאַמף פאַר דעם קיום
און המשך פון מאַמע־לשון, איז פאַרהאַנען אײ ן מניעה, פאַר וועלכער
עס ווערן פאַרשטומט אפילו די באַריידעוודיקסטע פאַרטיידיקערס פון
יידיש, אפילו יענע, וואָס פאַר זיי איז יידיש — נאָך גאָר נישט לאַנג
צוריק — געווען דער עיקר, אויב נישט דער עיקר העיקרים פון דער
אַזוי גערופענער מאָדערנער יידישער קולטור.

די דאָזיקע גרויסע מניעה, דער דאָזיקער מעכטיקער קעגנער,
הגם ער טרעט נישט דווקא אויף ווי קיין אויסגערעדטער מתנגד
קעגן יידיש, הגם ער איז גרייט מיט אונדז צו האַלטן שלום און
באַוויליקט אונדז נאָך לעת־עתה — מיט גרויס גענאַד און לייטזעליקייט
— דאָס רעכט אויף צו לעבן און צו עקזיסטירן, דער דאָזיקער שטרויכל־
שטיין איז כלומר — לשון־קודש, דאָס הייסט, נישט לשון־קודש גופא,
נאָר יענע שפּראַך, וואָס האָט זיך קודם אויף משכיליש־דייטשמעריש
גערופן העברעאיש און וואָס היינט הייסט זי עברית — איווריט — מיט
דער ספרדישער הברה.

פאַר אים, פאַר דעם דאָזיקן שפּראַכלעכן מיוחס פאַרשטומען,
ווי געזאָגט, אַלע טענות. פאַר אים נייגן זיך אַלע קעפּ, בייגן זיך אַלע
רוקנס, אים וואָגט מען נישט אַנצורירן. אַלע די אַמאָליקע קנאַישע
קעמפערס פאַר יידיש, וואָס פאַר זיי האָט דאָס דאָזיקע לשון געהאַט
אַזאַ חשיבות, אַז מען האָט אפילו געהאַלטן פאַר ריכטיק און פאַר
נויטיק, צו שאַפן אין שייכות מיט אים אַן אייגענע שיטה און צו געבן
דעם קינד אַ נאָמען נאָך דער מאַמען, נאָך דער מאַמעס לשון, אַלע די
אַמאָליקע יידישיסטישע קאַרפּנקעפּ פאַלן היינט כורעים פאַר העברעאיש,
בפרט זינט עס איז דערפון געוואָרן עברית. מחמת פאַר לשון־קודש,
פאַר דער הייליקער שפּראַך פון אונדזערע אבות האָבן זיי, בשעתם,

אין דעם ריב־הלשונות, אין דעם שטרייט צווישן די צוויי שפראכן, דווקא נישט ארויסגעוויזן אזוי פיל יראת־הכבוד ווי היינט פאר דער שיטה פון איווריט.

יא, העברעאיש, צי איווריט איז געווארן א דאגמע, וואס קיינעם קומט אפילו נישט ארויף אויפן געדאנק, זי אפצופרעגן. אין בעסטן פאל וועט מען זיך באנוגענען מודה צו זיין אויף דעם פאקט, אז דאס יידישע פאלק איז בילינגוויסטיש, צי גאר פאָליגלאָט, דאס הייסט, אז עס פאר־מאגט און באנוצט זיך מיט צוויי אדער מערערע לשונות, צווישן וועלכע איווריט פארנעמט דעם אויבנאן. דערביי דארף כלומר זיין מובן מאליו, אז בעת די אנדערע לשונות האבן א מער אדער ווייניקער באגרענעצטע דויערונג און פריער צי שפעטער וועלן זיי מוזן נעמען א סוף און אונטער־גיין, איז איווריט נישט נאר דאס אויבערשטע פונעם שטייסל, זי איז א חוץ דעם אויך נישט באגרענעצט אין איר דויערונג. איווריט איז נישט תלוי אין דער צייט, איווריט איז פארזיכערט מיט אן אייביקן באשטאנד, איווריט איז אייביק.

די דאזיקע פאלשע השגה, דאס דאזיקע איינרעדעניש איז אין דעם איצטיקן מאמענט דער סאמע געפערלעכסטער ווידערשטאנד קעגן דעם ווילן צו א ווידעראויפלעבונג, א געזונטן וואוקס און דער ווייטער־דיקער אנטוויקלונג פון אונדזער יידיש לשון.

איך ווייס נישט, אויף ווי ווייט די בארופענע ווארטפירערס פון יידיש, וואס אגב איז זייער קול לעצטנס עפעס שטארק הייזעריק געווארן און מען הערט עס אין דעם אלגעמיינעם טומל ארום איווריט כמעט אינגאנצן נישט ארויס, אויף ווי ווייט אונדזערע רעפרעזענטאטיווע דיכטערס, שרייבערס און קריטיקערס געבן זיך אפ א דייטלעכן דין־וחשבון פון די געהיימע ספקות מכוח דער צוקונפט פון יידיש, ביי זיך אליין, וואס איז ארויסגערופן געווארן דורך יענעם פאטאלן איינ־רעדעניש. אבער, באוואוסט, צי נישט באוואוסט, איז די הערשנדיקע השקפה וועגן דעם מכלומרשטן איבערוועגנדיקן חשיבות פון איווריט איינע פון די הויפט־סבות פון אונדזער מאמענטאלער חולשה. זי איז די סבה פון אונדזער קעגנווערטיקער פאסיוויטעט, זי האט גורם געווען, אז מיר זאלן שטיין מיט פארלייגטע הענט און ווי היפנאטיזירט פאר דער מסוכנער מפלה, וואס יידיש האט לעצטנס געהאט און מיר זאלן

זיך נישט אויפכאפן צו מעשים לגבי א ירידה, וואס ווערט מיום ליום ערגער.

די דאגמע פון איווריט — הגם מען שייעט זיך עם ארויסצוזאגן און וויל עס נישט אפן מודה זיין — איז דער שטענדיקער, סטראשענ־דיקער שאטן, וואס טרעט אונדז נישט אפ, וואס פארטונקלט אונדזער ראיה און פארוואלקנט אונדזער וויזיע. זי איז אין איצטיקן מאמענט געפערלעכער, ווי די פאקטישע ירידה פון יידיש, סיי ווי די קוואנטי־טאטיווע ירידה, די שטענדיק פאלנדיקע צאל פון יידיש רעדנדיקע און יידיש לייענענדיקע מענטשן, סיי ווי די קוואליטאטיווע, די אינער־לעכע ירידה אין שייכות מיט דעם תוכן פון דער גאנצער מאדערנער יידישער ליטעראטור, וואס ווערט לעצטנס זער שטארק אפגעפרעגט. מחמת א יורד קען ווידער אויפגעריכט ווערן און דאס איכות, די קוואליטעט פון א זאך קען זיך פארענדערן און פארבעסערן.

אבער דער ארויסגעגעבענער פסק, דער ארויסגעזאגטער גזר־דין, הגם פארברעמט מיט פאלשע טרייסטווערטער און מיט זיסלעך־סענ־טימענטאלע מליצהלעך, ער איז ערשט גורם דעם יאוש, ער דערפירט ערשט צו יענער פארצווייפלונג, וואס לעמט דעם חשק צו נייע גע־שטאלטונגען און פארהאלט דעם פארמעסט אויף ווייטערע, ווירדיקע און גרויסע שאפונגען.

פון וואנען, צי פון וועמען נעמט זיך אבער דער אומגליקלעכער געדאנק, די פאטעטישע אידייע, אז יידיש, אז דאס לשון, וואס אקארשט האט עס זיך אזוי רייך צעבליט, אז דאס לשון, וואס דארף זיין דער עדות פון אונדזערע גייסטיקע און קולטורעלע דערגרייכונגען, איז פאראורטיילט צום אונטערגאנג? ווער האט איינגעפלאנצט אין אונדז די דאזיקע דעפעטיסטישע, פאררעטערישע און מבוזהדיקע מחשבה, וואס פאראורטיילט מיט דער שפראך, מיט דער כלי, מיט דעם ארטי־קולירטן אויסדרוק פון אונדזער אייגנארטיקן לעבן און שאפן, אויך דאס דאזיקע אייגנארטיקע לעבן און שאפן גופא? ווער, צי וואס האט באווירקט, אז מיר זאלן גלייבן אין א מכלומרשטן איבערגעוויכט פון

איווריט, אז מיר זאלן זיך דערשרעקן פאר א שאטן, צוריקוויכן פאר א פוסטע איינרעדעניש?

מען וואלט געוואלט מיינען, אז דער ארגסטער שונא פון יידיש האט נישט געקענט פאלן אויף קיין בעסערער המצאה, כדי אונדז צו פארקירצן די יארן, אונדז אריינצושטעכן זיין מעסער אין רוקן אריין.

עס איז אבער נישט אזוי. נישט אינגאנצן אזוי. מיט אויסערלעכע שונאים קען מען זיך שטענדיק געבן אן עצה. זיי קען מען באקעמפן אין אן אפענעם קאמף, וואס איז ווייט ווייניקער געפערלעך, ווי דער פארבארגענער פיינט אין דער אייגענער ברוסט. ליידער אבער האט זיך נישט נאר ביי די שונאי־יידיש, נאר ביי אונדז אליין, אין אונדזער אייגענער מיט, האט זיך ביי יידישע שרייבערס און פובליציסטן, ביי אמתע פריינט און אויפריכטיקע ליבהאבערס פון יידיש, איינגעגעסן דער פאטאליסטישער געדאנק, אז מען וועט להבא נישט קענען אויסמיידן די ווייטערדיקע ירידה, די גסיסה און סוף־כל־סוף דעם אונטערגאנג, חלילה, פון דער יידישער שפראך.

שוין צענדליגער יארן, אז יידיש לעבט מיט דעם טויטשרעק פאר זיין נאענטער פטירה. שוין צענדליגער יארן, אז מען האט אים אפגעזאגט דאס לעבן און האט זיך געפעדערט מיט הספדים איבער דעם מסוכן קראנקן, דעם איינגעשפארטן גוסס; וואס וויל זיך אבער באין־אופן נישט אנטשליסן צו ווערן אן עכטער, א כשרער בר־מנן.

נאך מיט א סך יארן צוריק האט, למשל, דער אויסגעצייכנטער קריטיקער, עסעאיסט און פובליציסט חיים ליבערמאן מוסר־מודעה געווען, אז דער „איצטיקער" דור יידישע שרייבערס איז דער לעצטער פון זיין פראפעסיע. ער האט דעמאלט אפילו שוין אריינגעטראכט אין דעם, ווי אזוי מקבל צו זיין דעם מלאך־הדומה, רחמנא לצלן, דהיינו, צוצונעמען דעם אפגעמאכטן פסק־דין בסבר־פנים־יפות און מיט יענער ווערדע, וואס פאסט זיך פאר אן אנשטענדיקן יידישן שרייבער, א שרייבנדיקן נוטה־למות, הייסט עס. אויב איך בין מיך נישט טועה — איך ציטיר פונעם זכרון — האט ער אונדז אפילו געעצהט, אנצושרייבן בשעת־מעשה און פאר דער פטירה, אזוי צו זאגן מיט דער פען, מיט דער שרייבערשער שווערד אין דער האנט, יענע געוויסע לעצטע, גרויסע פאעמעס אויף דער אינטערעסאנטער

און מאקאברער טעמע פון דעם נאענטן, אייגענעם טויט, דאס הייסט, דעם טויט פונעם יידישן שרייבער, דעם טויט פון דער יידישער שפראך און דעם טויט פון דער יידישער ליטעראטור.

אבער — דעם ערנסט אין א זייט — איך וואלט מיך נישט אפגעשטעלט אזוי באריכות אויף דער ליבערמאנשער נבואה, אויב מען וואלט היינט, מיט אן ערך דרייסיק יאר שפעטער, נישט באקומען צו הערן דעם גלייכן פעסימיסטישן פזמון, וואס אנטקעגן אים וויל די דאזיקע שריפט ווערן דער אויסגערעדטער, דעפיניטיווער און הונדערטפראצענטיקער פראטעסט.

היינט, מיט יארן שפעטער, לאזט מען אונדז הערן די גלייכע נבואות, אבער נישט מיט באדויערן, מיט צער און עגמת-נפש איבער א ביטערן גורל, ווי דאס האט געטון חיים ליבערמאן, נאר אדרבה, אן מיטלייד און מיט אן אייזערנער קאלטבלוטיקייט, צי אפילו אין דער פארם פון א פאדערונג. אט איז מען, למשל, ערשט נישט לאנג געקומען צו אונדז פון מדינת-ישראל, איז מען ארייננעקומען אין אונ־דזער אייגענער יידישער שטוב אריין און האט אונדז פארגעלייגט נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אז מיר אליין זאלן אפשניידן יידיש גאר אינגאנצן פון דעם יידישן פאלקסקערפער, אכזריותדיק אפשניידן אן אבר-מן-החי. מען האט אונדז אפילו ביי דער געלעגנהייט געגעבן צו פארשטיין, ווי איך האב אויסגעפירט אין מיין עסיי „וואס עס קאן געטון ווערן פאר יידיש!״ (אפגעדרוקט אין נומער 11 פון „קיום״, פאריז, חשוון תשי״א — נאוועמבער 1950), אז מיר יידן זענען דאך עפעם געוואוינט צו ברענגען קרבנות, נו, איז אז מען האלט שוין ביי ברענגען קרבנות, מעג מען ארויפווארפן אויף דער וואג נאך איינעם, נאך מקריב זיין א שטיק לעבעדיקע, צאפלדיקע יידישקייט. און דעם דאזיקן קרבן דערווארט מען פון אונדז אין א צייט, וואו מאמע-לשון איז פאר א גרויסער צאל יידישע מענטשן כמעט דער לעצטער רעשט יידישקייט, וואס איז ביי זיי נאך בסך-הכל פארבליבען.

איך האב דעריבער שוין מיט יארן צוריק בפירוש פראטעסטירט קעגן דעם מין פעסימיזם, וועלכער איז אין מיינע אויגן א פסיכישע קרענק, א מחלה פון דער נשמה, וואס האט דערפירט אזש ביז צו יענער לעטארגישער שלאפקייט, זיך בכלל נישט מער צו ווערן קעגן

דער קראנקהייט און זיך אונטערצוגעבן א מין זעלבסטמערדערישער גלייכגילטיקייט.

איך האב דעמאלט קודם-כל אנגעוויזן דערויף, אז עס איז נישט קיין יידישע מדה, זיך מיאש צו זיין, אפילו לגבי א מסוכן קראנקן. אז ווילאנג עס איז פארהאנען לעבן איז פארהאנען האפענונג. א חוץ דעם איז עס נישט הומאן, עס איז נישט מענטשלעך-איידל און נישט קיין סימן פון איבעריקן טאקט, צו האלטן הספדים איבער דעם חולה, בעת ער לעבט נאך און כמעט אים אין פנים אריין. פארקערט, דאס אליין קען אמאל מקרב זיין דעם קריזיס און מקצר זיין דעם באשערטן זמן, וואס איז אים צוגעמאסטן. לגבי א חולה, א חולה מסוכן און אזא נאענטן און געליבטן חולה דערצו, איז נאר דא א י י ן חיוב, דהיינו, זיך דווקא נישט מיאש צו זיין און צו פרואוון, מיט אלע כוחות, אים צו ראטעווען.

דארף מען היינט — און העכער און קאטעגארישער, ווי מיט יארן צוריק, — אויפהויבן זיין קול צו א באנייטן פראטעסט קעגן די פעסימיסטישע מספידים און קעגן דער גרויסער צאל גלייכגילטיקע און אפאטישע, וואס זענען אפשר נאך שעדלעכער פון יענע. דארף מען היינט — און א סך בולטער און באטאנטער — מפרסם זיין דעם גלויבן אין דער צוקונפט פון יידיש, דווקא מחמת דער מצב פון דעם קראנקן איז בשעת-מעשה געווארן קריטישער. עס איז איינע פון די אויפגאבן אין דער דאזיקער שריפט, צו באגרינדען אויף א שכלדיקן אופן דעם יסוד פון אזא גלויבן, דעם גלויבן, אז די יידישע שפראך און די יידישע ליטעראטור קענען און וועלן לעבן. די יידישע שפראך און די יידישע ליטעראטור קענען און וועלן האבן א באשטאנד, כמובן, אויב מיר וועלן זיי — און זיך — נישט אליין אומברענגען, נאר אדרבה, אויב מיר וועלן מ ק י י ם ז י י ן י ע נ ע ת נ א י ם , וואס פארמאגן אין זיך דעם וואונדערלעכן כוח צו באווארענען מיט לעבן, מיט א לעבן לדורות, מיט דעם, וואס מען רופט, לויט מענטשלעכע השגות, אן א י י ב י ק ן ב א ש ט א נ ד.

איך מיין, איך מוז דא אויפן ארט מוסיף זיין, אז דאס איז נישט

געזאגט געוואָרן סימבאָליש. איך טראַכט דערביי נישט אין די ווייסע תכריכים פון ליטעראַרישע אַנטאָלאָגיעס, וואָס מען זאָל דאָרט אַריינטון די אָפּגעלעבטע ווערק פון אַמאָליקע יידישע שרייבערס. איך טראַכט אויך נישט אין די פאַרגעלטע אַרכיוון פון וויסענשאַפטלעכע אינסטי־טוטן, וואו עס זאָל בלייבן ליגן, גוט סאָרטירט און קאָרעקט נומערירט און „אויף אייביק" פאַרשלאָסן, די איינבאַלזאַמירטע ירושה פון אַ טויטער יידישער ליטעראַטור.

איך טראַכט אין לעבן, אין אַ ממשותדיקן ר ע א ל ן ל ע ב ן פון דער יידישער שפּראַך און פון די ווערק, געשאַפן אין דער יידישער שפּראַך, דאָ, אויף ד ע ר וועלט, אויף אַ לעבעדיקער וועלט, א י ן ד י מ ו ח ו ת א ו ן א י ן ד י מ י י ל ע ר פ ו ן ל ע ב ע ד י ק ע י י ד י ש ע מ ע נ ט ש ן.

אגב איז דער דאַזיקער גלויבן נישט דאָס, וואָס מען רופט "בלינדער גלויבן", נאָר אדרבה, ער שטיצט זיך כמובן אויף דעם גלויביקן, דעם רעליגיעזן אויסטייטש פון אונדזער גאַנצער געשיכטע, אונדזער גאַנצער קולטור און ליטעראַטור. ער שטיצט זיך אויף דער בולטער היסטאָרישער השגחה, וואָס האָט געהערשט און הערשט עד־היום איבער דעם יידישן פאָלק מיט אַלע זיינע מעשים, אַלע זיינע גרויסע אויפטוען און וואונדערלעכע שאַפונגען.

דעריבער זענען עס אין תוך נישט די אָפיציעלע און האַלב־אָפיציעלע שונאי־יידיש פון דער אַנדערער זייט, וואָס גייען אונדז דאָ אָן. אונדז האַרן נישט אַזוי די פּאַטענטירטע פּאָליטיקערס, די שפּראַך־פּאָליטיקערס און אַזוי גערופענע "קולטור"־רעפערענטן ביי די ישראל־אַמבאַסאַדעס, יענע אַגענטן און אַגיטאַטאָרן, וואָס מען האָט זיי געהייסן „העבראַאיזירן דעם גלות" און וואָס זיי אַרבעטן לויט אַן אָנגעצייכנטן פּראָגראַם און נאָך אַ פאַרגעשריבענעם מאַרשרוט. דאָס דרייט זיך מיטן ווינט און אַז דער ווינט וועט זיך געבן אַ דריי, וועלן זיי זיך מיטדרייען.

איז אויב מיר שטעלן זיך אייגנס אָפּ ביי דער דאַזיקער שיטה, צי מאַדע, געשעט דאָס נאָר צוליב דעם מין היפּנאָטישער השפעה,

וואס זי האט אויף א סך ייִדישע מוחות און צוליב דעם, וואס זי האט בשעת-מעשה אפגעצויגן אונדזער אויפמערקזאמקייט פון די אמתע און טיפערע סיבות פאר אונדזער שפּראַכלעכער און ליטעראַרישער ירידה און פון אונדזער חיוב, זיי גובר צו זײַן.

צוליב דעם טאַקע האָב איך אין מײַן פריִער דערמאָנטן אַרטיקל פון 1950 אויסדריקלעך געוואָרנט פאַר דער דאָזיקער שיטה און בפירוש אַנגעוויזן דערויף, אַז "פּאַוואַלינקע און שטילערהייט, אָבער מיט אַ דייטלעכער קאָנסעקווענץ ווערט צוגעגרייט, הגם לעת-עתה נאָר אויף אַן אינדירעקטן, אַ מכלומרשט אומשולדיקן אופן, דער קאַמף קעגן דער ייִדישער שפּראַך, אַ מין קולטור-קאַמף, וואָס באַטרעפט, כּמדומה, נישט בלויז די שפּראַך, נאָר אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט אונדזער מאַמע-לשון אין גלות".

ווײַזט אויס, אַז סײַ בײַ אונדז, סײַ אין ארץ-ישראל — אַ חוץ פון די אָפיציעלע קרײַזן — האָט מען זיך דעמאָלט נישט אָפּגעגעבן קיין דייטלעכן דין-וחשבון פון די דאָזיקע טענדענצן. מײַן ברודער, דר. דוד טוּוויש, אַ דאָרטיקער תּושב און דווקא אַ גרויסער פרײַנט פון ייִדיש, צי אפילו אַן אַמאָליקער ייִדישיסט נאָך פון דער טשערנאָוויצער שפּראַך-קאָנפערענץ, האָט מיך דעמאָלט נישט שפּעטנע אויסגעגעמוסרט און אויסגעזידלט פאַר זײַן אַ "חושד בכשרים".

הײַנט איז יענע וואָרענונג מקוים געוואָרן, מקוים געוואָרן אויף אַן אופן, וואָס דעמאָלט, דאָס בין איך מודה, האָב איך מיר אים נאָך נישט משער געווען אויף אַזוי ווײַט.

הײַנט זאָגט מען שוין אַרוים הויך און נישט שטילערהייט, אָפן און נישט פאַרשטעלט, אַלץ דאָס, וואָס האָט זיך אין אָנהויב און צוליב לײַכט באַגרײַפלעכע טעמים, נאָר אָפּירגעוואָגט אין אַ דעליקאַטנע פאַרשלײערטער פאָרם.

הײַנט לייענען מיר אין אַ באַריכט פון א. שולמאַן וועגן זײַנעם אַ באַזוך אין ארץ-ישראל (אָפּגעדרוקט אין נומער 5 "קיום", פּאַריז, סיון תשי"ב — מאַי 1952) אַ שילדערונג פון דעם קעגנוואַרטיקן קולטור-מצב אין מדינת-ישראל און אַ פּאַרזיכטיקע פּראָגנאָזע פון די קולטורעלע טענדענצן לעתיד, וואָס מוזן אויפשווידערן יעדעם ייִדישע האַרץ און עס אָנפילן מיט בושה, מיט צער און מיט צאָרן איבער דער

געגנוואַרט און — מיט פּחד פאַר דעם, אויף וואָס מען דאַרף זיך ערשט ריכטן שפּעטער.

דערביי איז שולמאַנס מייסטערשע און מוטיקע אַרבעט אַ מוסטער פון אָביעקטיוויטעט און ישוב־הדעת, געשריבן מיט אָפּגע־מאָסטנקייט און אַ כמעט וויסנשאַפטלעכער קנאַפּקייט, וואָס איז שווין גיכער צוריקהאַלטונג. דער מחבר באַמיט זיך אַפילו, וואו עס איז אים נאָר מעגלעך — עס איז אים אָבער לײדער נאָר מעגלעך אין זייער פאַראייינצלטע פאַלן — מצדיק צו זיין די תקנות פון דער מלוכה און זיי אויסצוטייטשן על־צד־היותר־טוב. דווקא דער דאָזיקער אָביעק־טיווער נוסח און סטיליסטישער צמצום פאַרשאַרפט אָבער די קאַנטורן פון זיין צייכענונג, שניידט זיך אריין אין דער נשמה פונעם לייענער ווי מיט דער שאַרף פון אַ חלף און פאַרבלייבט דאָרט, אַ שרעקנדיקער קאַשמאַר.

עס איז, מיין איך, אין אַ צייט פון פויקן און פּראָפּאַגאַנדע, אַ פאַרשטאַרקטער חיוב, אויסצודריקן צו א. שולמאַן אונדזער דאַנק פאַר אַן אויפקלערונג פון דער גרעסטער וויכטיקייט, מיט וועלכער יעדער יידישער מענטש, וואָס דאָס גורל פון ארץ־ישראל איז ביי אים טייער און אָנגעלייגט, וואָלט זיך געדאַרפט ווי אַם גיכסטן באַקענען. אַ פּערזענלעכן יישר־כוח אויך פאַר דעם וותרנות, מיט וועלכען דער חשובר מחבר און די רעדאַקציע פון "קיום" האָבן מיר מתיר געווען, זיך צו באַנוצן מיט זיין אַרבעט און אויס איר צו ציטירן בכל־אות נפשי — נאָר הלואי אויף שמחות און ביי פריילעכערע געלעגנהייטן.

אַט וואָס ער שרייבט אין שייכות מיט דעם פּראָבלעם פון יידיש און פון אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט אונדזער מאַמע־לשון אין גלות:

"לאָמיר אָנהויבן אונדזער אַנאַליז מיט דער פעסטשטעלונג, אַז די איצטיקע רעגירער פון ישראל וואָרפן קאַטעגאָריש אָפּ די עווענטואַליטעט פון קאָנטינואירן דאָס טראַדיציאָנעל־יידישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע. עס וואָלט אפשר געקאָנט פאַרענטפערט ווערן פון אַ פּסיכאָלאָג, פאַרוואָס די קעגנערשאַפט קעגן דער אַזוי געראָפענער גלות־יידישקייט איז אַזוי קאָמפּראָמיסלאָז. אָבער דאָס איז אַן אומ־באַשטרייטבאַרער פאַקט.

אין ארויסזאגעכצן פון רעגירונגס-מענער און אין דער פראקטיקע פון מלוכהשע אויטאריטעטן ווערט קלאר און אומצווייידייטיק אונטער-געשטראכן דער ביטול צום "מיאוסן" גלות. און צוזאמען מיטן גלות ווערט שוין ארייננגעלייגט אין חרם אריין אלץ, וואס איז מיטן דאזיקן גלות פארבונדן (געשפייצט פון מיר. י. ש. ט.) — די יידישע שפראך, די יידישע קולטור-דערפארונג, דער יידישער פאלקלאר און דער יידישער לעבנס-שטייגער. אוודאי רעדט מען אין ישראל זער פיל יידיש און אוודאי גייען דארט ארוים יידישע צייטונ-גען (כאטש ס'האט לאנג געדויערט ביז מען האט דארט אויסגעקעמפט די דאזיקע פריווילעגיע) און אוודאי שפילט אין ישראל יידיש טעאטער. אבער דאס אלץ איז נישט מער ווי א לאמפ, וואס לעבט בלויז מיט די אלטע זאפאסן פון ליכט-שטראם. דער צוטריט צו נייע שטראמען איז ענדגילטיק און קאטעגאריש אפגעשניטן געווארן. ישראל איז דאס איינציקע לאנד אין דער וועלט וואו קיין איין יידיש קינד באקומט נישט קיין לערע פון יידישן לשון. דאס יידיש פון היינט איז נישט מער ווי אן עכא פון נעכטן מיט קיין שום האפענונג אויף מארגן. דאס איז אויך דער גורל פון דער פאלקסטימלעכער יידישקייט בכלל".

איז דאס, לויט א. שולמאן, די באציאונג פון מדינת-ישראל צו דעם גלות פון נעכטן. ווי פארהאלט עס זיך מיט דער באציאונג פון ישראל צום גלות היינט, צו אונדז, צו צען מיליאן יידן איבער דער גארער וועלט, וואס א סך פון זיי זענען נאכגעגאנגען מיט א פלאטערדיק הארץ און מיט פלאמענדיקע אויגן דעם דראמאטישן שוישפיל פון דער אויפריכטונג פון מדינת-ישראל און וואס צוליב דער נייער מלוכה האבן זיי פארנאכלעסיקט און כמעט אינגאנצן אוועקגעלייגט אין א זייט זייערע אייגענע ענינים, זייערע אייגענע, אינעווייניקע פאליטישע, קולטורעלע און סאציאלע אינטערעסן.

אויף דער פראגע ענטפערט א. שולמאן:

"אז איר זענט אפ א שטיקל צייט אין ישראל, פארגעסט איר לחלוטין, אז אויסער די 1300 טויזנט יידן פון דער מדינה זענען נאך פאראן אנדערע צען מיליאן יידן אויף דער וועלט. נישט אין דער פרעסע און נישט דורכן ראדיא און נישט ערגעץ אנדערש רעדט מען אפן וועגן עפעס אנדערש ווי וועגן ישראל-ענינים. אויב עס באווייזט זיך

שוין יא א ידיעה וועגן יידישן אמעריקע אדער וועגן ארגענטינע אדער וועגן קאנאדע, זענען עס ידיעות וועגן דעם, וואס די אמעריקאנער אדער ארגענטינישע יידן האבן אויפגעטון פאר ישראל. דאס יידישע לעבן מחוץ לארץ ווערט דא דערלאנגט בלויז אויפן שפיץ פון א קרן־קימת לעפעלע. וואס איז פארגעקומען אין יידישן לעבן אין אמעריקע? אין אמעריקע זענען פארקויפט געווארן אזוי פיל און אזוי פיל "באנדס". וואס האט פאסירט אין יידישן אויסטראליע? אין אויס־טראליע האט דער קאמיטעט פון די יידישע קהילות ארויסגעזאגט זיך קעגן א פונקט פון ב ן ג ו ר י ו נ ס א רעדע. צי איז פאראן עפעס א זעלבסטשטענדיק לעבן אין דער גארער וועלט אויסער זאמלונגען פאר ישראל? וואס לענגער איר זענט אין ישראל, אלץ מער פארגעסט איר וועגן דעם".

אבער לאמיר זיך, נאך דער דאזיקער דיגרעסיע, צוריק אומקערן צו דעם ענגערן און מער באגרענעצטן ראם פון אונדזער טעמע, איך וואלט געזאגט, צו אונדזערע אייגענע צרות, וואס טאקע נאר צוליב זיי האבן מיר זיך אפגעשטעלט און וועלן זיך ווייטער מוזן אפשטעלן ביי דער היינט גילטיקער קולטורעלער און שפראכלעכער שיטה אין מדינת־ישראל, מחמת זי רירט כמובן און ווי מיר האבן געזען, אויך אן דעם גורל פון אונדזער פאלקס־לשון און אלץ, וואס איז דערמיט פארבונדן.

די געשילדערטע קעגנערשאפט און גלייכגילטיקע קאלטקייט לגבי דער יידישער שפראך און דער יידישער קולטור אין מדינת־ישראל גופא וואלטן, פאר זיך אליין, נישט געשפילט קיין איבעריק גרויסע ראלע, שוין צוליב דער רעלאטיוו קליינער צאל פון די באטרא־פענע אין פארגלייך מיט די מיליאנען יידן אין גלות. דער בטול און די נעגאציע פון יידיש דארט, די פארפאלגונג און פארטיליקונג פון אונדזער מאמע־לשון, ווי ווייט דאס זאל נישט טון, ווי צום הארצן עס זאל נישט זיין, וואלטן פארט געמוזט באטראכט ווערן נאר ווי א לאקאל באגרענעצטע רדיפה, וואס לגבי דעם וועלט־פראבלעם פון יידיש און יידישקייט איז זי נישט קיין פרימערער און אפילו נישט קיין סעקונדערער פאקטאר.

א סך וויכטיקער אבער און געפערלעכער איז דער א ל ג ע־

מ י י נ ע ר רושם, וואס די אנדערע זייט האט געמאכט און מאכט עד-היום אויף די יידן אין גלות צוליב דער באזונדערער באציאונג פון דעם יידישן פאלק צו ארץ-ישראל, צו דעם הייליקן לאנד פון זיינע אבות. דווקא דער דאזיקער פסיכאלאגישער רושם, אדער ווי מען וואלט ריכטיקער געדארפט זאגן, דער דאזיקער פסיכישער טעות האט, צוליב סענטימענטאלע סיבות און פאלשע ריקזיכטן, פארטונקלט די השגות פון אונדזערע בעסטע גייסטער און גורם געווען א בלבול-המחשבות, וואס דערפון זיך ווי אם גיכסטן צו באפרייען, איז דער הויפט-תכלית פון דער דאזיקער שריפט.

אגב דערלייכטערט אונדז א. ש ו ל מ א נ ס אויפקלערונג דעם דאזיקן שווערן עסק דורך דעם, וואס ער האט אויפגעוויזן, אז פון דער אנדערער זייט איז מען אונדז מוחל די קרובעשאפט. מען זוכט מיט אונדז נישט קיין מגע-ומשא, אדרבה, מען וויל פון אונדז פטור ווערן וואס גיכער, פטור ווערן פון אלע באציאונגען און אלע שייכותן, דאס הייסט, נישט פון אלע, מחמת עס בלייבט נאך, במחילה, די חשובע באציאונג אין שייכות מיט די "באנדס". וואס איז נוגע די קולטור-באציאונג מיטן גלות, זענען דארט, ווייזט אוים, היינט א סך חשובער די קולטור-באציאונגען מיט יאפאן און מיט אינדיע.

וועט דאס אונדז אפשר אויפוועקן און אונדז דערמאנען אין אונדזערע אייגענע קולטור-הצטרכותן, אין אונדזער אייגענעם אחריות, דעם גרויסען, דעם מוראדיק גרויסן אחריות פאר דעם קולטור-לעבן פון צען מיליאן יידן, יידן אין גלות, יידן ברידער, גלות-יידן.

אט דאס איז אונדזער אמת התחיבות, פאר דעם טראגן מיר די פולע פאראנטווארטלעכקייט לגבי גאט און לגבי דער געשיכטע, וואס אויב מיר זאלן זי, חלילה, נישט מקיים זיין, וועט דאס אמאל באטראכט ווערן ווי א שווערע געשיכטלעכע פארזינדיקונג, א היסטא-רישער חטא פון איבערדימענסיאנאלער גרייס, וואס שפעטערע דורות וועלן אים נישט קענען פארשטיין און נאך ווייניקער מוחל זיין.

דערמיט טרעטן מיר צו צו יענעם פענאמען, מיט וועלכען מיר האבן אנגעהויבן אונדזערע אויספירן, צו דעם טרויריקן און אפילו

טראגישן סימפטאם, וואס באשטייט אין דער דאגמע וועגן דעם אונטערגאנג פון יידיש ביי די אייגענע, ביי די גוטע און זיכערע פריינט פון יידיש, ביי יידישע דיכטערס, דענקערס, שרייבערס און קריטיקערס פון פארנעם, וואס באנוצן זיך מיט יידיש ווי מיט זייער מאמע-לשון, אויף א נאטירלעכן אופן און מיט סטיליסטישן גלאנץ און — וואס זיי זענען, אפן צי באהאלטן, פארט אנגעשטעקט מיט דער משונהדיקער פסיכישער עפידעמיע.

כדי צו קריגן אויף דער דאזיקער, היינט זער פארשפרייטער אויפפאסונג, שטעלן מיר זיך אפ ביי א שריפט פון י. ע פ ר ו י ק י ן , זיין וויכטיקן, אינטערעסאנטן און אויסגעצייכנט געשריבענעם בראשור "אויפקום און אומקום פון יידישע גלות-שפראכן און דיאלעקטן" (פאר-לאג "קיום" — פאריז, 1951), אין וועלכען ער האט געהאלטן פאר ריכטיק, אויפצושטעלן די באהויפטונג און עפנטלעך מודיע צו זיין, אז יידיש וועט מוזן, פריער צי שפעטער, אונטערגיין.

מיר האבן געוויילט ע פ ר ו י ק י נ ס שריפט, דווקא צוליב דעם חשיבות פון זיין חיבור, דווקא צוליב דער שארפער לאגיק פון זיין ארגומענטאציע און דער קלארקייט פון זיינע פרעציז אויסגעארבע-טע און וויסנשאפטלעך געגרונטעוועטע הנחות.

מיט דעם רוב פון די דאזיקע הנחות קענען מיר אפילו גערן מסכים זיין, ווי מיר האבן שוין אויסגעפירט אין אונדזער רעצענזיע פון דעם בראשור (אפגעדרוקט אין נומער 118—120 פון די „שריפטן", בוענאס אירעס, אדר-ניסן-אייר תשי"ב — מערץ, אפריל, מאי 1952). בפרט קענען מיר מסכים זיין מיט דער פונדאמענטאלער, מעטאפיזישער באזע פון זיין שריפט, לויט וועלכער דער אויפקום פון יידישע גלות-שפראכן איז נישט קיין געשעעניש על-פי-מקרה, נאר אדרבה א היסטארישער כלל, א געשיכטלעכער געזעץ. דער דאזיקער כלל איז, לויט ע פ ר ו י ק י ן , נאר חל אויפן יידישן פאלק און שטייט אין א בולטער סתירה צו די נארמאלע, אנגענומענע היסטארישע כללים, וואס זענען גילטיק פאר די אומות-העולם. דערמיט האט ע פ ר ו י ק י ן ארייגעבויט אין זיין שריפט א יידישן פרינציפ, האט ער איר אונ-טערגעלייגט א יידישן, א יידיש-רעליגיעזן יסוד, האט ער זי אזוי צו זאגן געשטעלט אויף יידישע פיס.

צוליב די דאזיקע מעלות, צוליב דעם רעפּרעזענטאַטיוון כאַראַק־טער פון דער קליינער, אָבער געוויכטיקער אַרבעט און זיין מחבר, וואָס איז דווקא אַ באַוואוסטער יידישער שרייבער און אַרויסגעבער און אַן איבערגעגעבענער פריינט פון יידיש, איז עס אַ טאָפּלטער חיוב אָפּצופרעגן זיין דערמאָנטע דאָגמע וועגן דעם אונטערגאַנג פון יידיש, גרונטאָוונע אָפּצופרעגן זיין פּעסימיסטישע און, ווי מיר האַלטן, לחלוטין נישט באַגרינדעטע סברא, נישט געקוקט דערויף, וואָס זי טרעט אויף אין אַ וויסנשאַפטלעכן לבוש און איז מכלומרשט דער צווינגנדיקער פּועל־יוצא פון אָביעקטיווער וויסנשאַפט.

לכתחילה אָבער און בדרך־כלל מוז שוין דאָ פעסטגעשטעלט ווערן, אַז ע פ ר ו י ק י ן האָט מיט זיין אומגליקלעכער הנחה, אַרויס־געזאָגט איצט, בשעת־הדחק און אין אַן עת־צרה פאַר אונדזער מאַמע־לשון, איר דערמיט קיין איבעריקע טובה נישט געטון. פאַרקערט, ער האָט דערמיט הגם זיכער נ י ש ט ו ו י ל נ ד י ק און כלומר נ א ר ל ש מ ה, דאָס הייסט, לשם וויסנשאַפט, אַריינגעטריפט אין אונדז דעם סם פון ספקות, וואָס קען ביי די געגעבענע אומשטאַנדן זיך אַמאָל פאַרוואַנדלען, חלילה, אין אַ סם־המות.

מחמת אויב יידיש "מוז" אונטערגיין, איז וואָס מאַכט עס שוין אויס — געזען אין דעם ליכט און געמאָסטן מיט דער מאָס פון דער געשיכטע — אַז יידיש וועט אונטערגיין מיט אַ פּאָר צענדליגג, צי אַפילו מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר פריער, בפרט נאָך, אַז פאַר דער טיר שטייט שוין דער יורש, וואַרט שוין דער פּרעטענדענט און פּעדערט זיך, בחפזון און מיט אַן איילעניש, וואָס איז נישט דווקא זייער איידל, איבערצונעמען נאָך ביים לעבן פונעם "גוסס" די היים באַגערטע ירושה.

אַזוי מוז זיך טראַכטן דער פּראָסטער לייענער, אַזוי וועט זיך טראַכטן דאָס פּשוטע פאָלק. און הגם דאָס פאָלק וואָלט זיכער גרייט געווען, זיך איינצושטעלן פאַר יידיש און אַפילו צו ברענגען קרבנות פאַר איר, מוז עס פונדעסטוועגן פאָרט וויסן, מוז עס זיין איבערצייגט, אַז דער קרבן ווערט געבראַכט פאַר אַ הויכן, אַ הייליקן און דערהויפּט פאַר אַן אייביקן ענין. אויב עס ווערט אָבער בפירוש אַרויסגעזאָגט און דערצו נאָך אויפן סמך פון אַ וויסנשאַפטלעכער היפּאָטעזע, אַז יידיש

מוז אונטערגיין, איז וואו זאל דאס פאלק נעמען דעם חשק, דעם מוט און דעם כוח, זיך איינצושטעלן פאר א לכתחילה פאראורטיילטן?

אויב עפרויקין האט אבער געמיינט, אז ער איז מחויב צו פראקלאמירן זיין נעגאטיווע היפאטעזע אינעם נאמען פון וויסנ־שאפט, וואלט דאס געוועזן קעגן דעם גאנצן פארנעם, קעגן זיין אייגענעם פארנעם אין דער דאזיקער שריפט, לויט וועלכען די שאפונג, דער באשטאנד און די אנטוויקלונג פון דער יידישער שפראך איז א פאקט, וואס ריין ראציאנעל קען מען אים נישט פארענטפערן. דער יסוד פון דער דאזיקער יצירה איז א סוד, א נס.

אבער עס ווייזט אויס, אז עפרויקין האט דעם דאזיקן נס געהאט אין זינען און האט זיך אפילו מיט התלהבות פארטיפט אין אים נאר אין שייכות מיט דעם אויפקום פון יידיש. לגבי דעם פראבלעם פון אומקום איז ער, צום באדויערן, געבליבן וויסנ־שאפטלעך קיל און אביעקטיוו — און דאס אין א מאמענט, וואו עס נויטיקט זיך דווקא יא התלהבות און אפילו קנאות פאר אונדזער פארפאלגטער מאמע, פאר מאמע־לשון.

וויסן מיר וואויל, אז אונדזער טענה איז לחלוטין נישט קיין אביעקטיווע און עקזאקט־וויסנשאפטלעכע קעגן־טענה קעגן עפרויקינס היפאטעזע. אבער פאר אונדז זענען, ב״ה, וויסנשאפטלעכע היפאטעזן נישט אזוי הייליק, אז מען זאל זיי נישט טארן אפפרעגן מיט ״מענטשלעכע״, מיט סוביעקטיווע, צי אפילו מיט אוטיליטארים־טישע איינווענדונגען. היינט זענען מיר געווארן א ביסל סקעפטישער לגבי וויסנשאפטלעכער אביעקטיוויטעט און לגבי יענער פארמולע פון פערדינאנד לאסאל, לויט וועלכער ״די וויסנשאפט און איר לערע איז פריי״. היינט וויסן מיר וועגן דעם א ביסל מער. היינט וויסן מיר, אז די מכלומרשטע פרייהייט פון וויסנשאפט איז ס׳רוב מאל נישט מער ווי אן אילוזיע און אז וויסנשאפט איז פונקט אזוי משועבד צו דער נאטירלעכער באגרענעצונג פונעם מענטשלעכן גייסט און דער מענטשלעכער מאראל, ווי יעדע אנדערע גייסטיקע קאטעגאריע. עס איז, למשל, זיכער נישט קיין פועל־יוצא פון פרייהייט, וואס די היינטיקע וויסנשאפט איז דערהויפט עוסק אין אטאם־באמבעס, אין גיפט־גאזן און קראנקהייטס־באצילן.

דעריבער האבן מיר געהאלטן פאר ריכטיק, אויך צו דערמאנען אזוי צו זאגן די מענטשלעכע זייט פון דער זאך, איידער מיר פארנעמען זיך מיט דער ריין וויסנשאפטלעכער.

פון א וויסנשאפטלעכן אספעקט קענען מיר אבער, זענען מיר אפילו מחויב קודם-כל צו קריגן אויף אן אנדערן און, ווי מיר מיינען, קארדינאלן טעות אין ע פ ר ו י ק י נ ס טעזען, יענעם היינט פאפולערן טעות, וועלכער האט אויך ביי אים גורם געווען אן עירבוב-המושגים, א פארמישונג פון באגריפן, אדער בעסער געזאגט, א פארבייטן פון באגריפן, וואס מחמת דעם איז ער צוגעקומען צו זיין נעגאטיווער און פאלשער מסקנא אין שייכות מיט דער צוקונפט פון יידיש.

איינע פון ע פ ר ו י ק י נ ס טעזען, צי אפילו זיין הויפט-טעזע, איז די אזוי גערופענע "פערמאנענץ פון העברעאיש", וואס מיינט צו זאגן, אז בעת אלע יידישע גלות-שפראכן זענען אונטערגעווארפן דעם געזעץ פון אונטערגאנג, איז העברעאיש און נאר העברעאיש דער יוצא-מן-הכלל און בלייבט "פערמאנענט", דויערנדיק, אייביק.

קענען מיר מסכים זיין מיט דער דאזיקער טעזע, צי דאגמע וואס איז שייך די אייביקייט פון לשון-קודש. הגם מיר ווילן שוין איצט און דא באטאנען, אז מיר האבן דערביי אין זינען און רעדן בפירוש פון לשון-קודש — און נישט פון העברעאיש און נישט פון איווריט.

די דאזיקע דאגמע פרעגן מיר נישט אפ און נעמען זי אן, מחמת די תורה הקדושה איז געגעבן געווארן אין לשון-קודש, מחמת נביאים און כתובים זענען געשריבן געווארן אויף לשון קודש און — נישט געקוקט לעת-עתה דערויף, וואס אין א געוויסער תקופה האט מען אויפגעהערט צו נוצן דאס לשון ווי א גערעדטע שפראך.

אבער דער אומשטאנד, וואס מיר זענען מסכים מיט דער "אייביקייט פון לשון-קודש" מיינט לחלוטין נישט, אז מיר זענען מסכים מיט דעם "טויט פון יידיש".

אט, נעמט ע פ ר ו י ק י ן אויך אן, אויב מיר זענען זיך אין אים נישט אינגאנצן טועה, אן אייביקן באשטאנד פון יידיש-אראמיש,

פון דעם אזוי גערופענעם תרגום-לשון, מחמת אויף דעם לשון איז געשאפן געווארן די תורה-שבעל-פה, זענען געשאפן געווארן גמרא און קבלה, אייביקע אוצרות אין דעם גייסטיקן לעבן פון אונדזער פאלק און — נישט געקוקט דערויף, וואס אין א געוויסער תקופה האט מען אויפגעהערט צו נוצן דאס לשון ווי א גערעדטע שפראך.

אויב מיר זעען דערווייל אפ פון דעם היינטצוטאג גערעדטן איווריט, וואס דאס פאלט אריין אין א לחלוטין אנדערער קאטעגאריע, קענען מיר זאגן, אז ביידע דא דערמאנטע לשונות, אז סיי לשון-קודש, סיי תרגום-לשון, הגם זיי ווערן נישט מער באנוצט ווי קיין גערעדטע שפראכן, לעבן זיי פונדעסטוועגן פארט ווייטער. זיי לעבן ווייטער נישט נאר ווי שריפט-שפראכן, און נישט נאר אין די מוחות, נאר בפועל-ממש אין די מיילער פונעם יידישן פאלק, אויף ווי ווייט עס איז געבליבן געטריי צו זיין מסורה, געטריי צו זיין רעליגיעזער קולטור און צו זיינע רעליגיעז-גייסטיקע פארפליכטונגען.

האלטן מיר, אז אויף דעם גלייכן אופן און אין דעם גלייכן זינען האט עפרויקין נישט געטארט צווייפלען אין דער מעג-לעכקייט פון דער דויער, פון אן "אייביקן באשטאנד", וואס זאל אויך זיין באשערט צו אונדזער יידישער שפראך.

אויב דער ספק האט זיך אבער ביי אים גענומען פון דעם ספקות אין די ליטעראריש, אדער בעסער אין די יידיש-רעליגיעזע, אדער נאך בעסער און פשוטער אין די יידישע קוואליטעטן פון דער מאדערנער יידישער ליטעראטור — און אזא צווייפל איז בעוונותינו הרבים דווקא יא בארעכטיקט — האט ער פונדעסטוועגן פארט נישט געטארט ארויסטרעטן מיט דעם אפגעמאכטן פסק.

מחמת ער, ווּעלכער גלייבט, ווי מיר אלע גלייבן, אין א רענע-סאנס, אין א ווידעראויפלעבונג פון יידישער אמונה און פון די אלטע גייסטיקע יידישע מדות, אויב אפילו אין א מאדערנער פארם און אין א מאדערנעם לבוש, איז נישט געווען בארעכטיקט מסופק צו זיין אין די פאטענציעלע כוחות פון א רעגענערירטן יידישן לעבן און א רעגענערירטער יידישער ליטעראטור. פארקערט, ער האט געהאט די בעסטע געלעגנהייט, דווקא אין דעם שייכות, אונדז פיר-צוהאלטן אונדזערע גייסטיקע און רעליגיעזע חיובים, צו באטאנען

און אונדז צו באַקענען מיט די תּנאָים, וואָס האָבן פֿון אונדזערע אַנדערע לשונות געמאַכט אייביקע גייסטיקע גיטער און צו ווייזן, ווי אַרום אויך אונדזער ייִדיש לשון איז, צי וואָלט געקענט ווערן מסוגל דערצו. אגב וואָלט דאָס זיכער געווען אַ ווייטערדיקער אינטערעסאַנטער און זער פּאָזיטיווער שטריך אין זיין פֿיאַנערישער און חידושימדיקער שריפֿט. אַזוי אָבער און מיט זיין פּעסימיסטישער פּראָגנאָזע האָט ער, בעל־כּרחו, אָפּגעשוואַכט און פֿאַרמינערט אונדזער ווילן צו לעבן און צו קעמפֿן און פֿאַרשטערט אונדזער האָפֿענונג אויף אַ נאָענטער ייִדישער ריִנעסאַנס.

דאָס איז געווען זיין גרויסער פֿעלער, לכל־הפּחות אין די אויגן פֿון יענע, וואָס האַלטן, אַז די נייַע ייִדישע תּחיה איז אויפֿן געביט פֿון לשון פֿאַרבונדן, אויף טויט און לעבן פֿאַרקניפּט און פֿאַרבונדן מיט דעם לעבעדיקן לשון פֿון אונדזער פֿאָלק היינט, מיט אונדזער מאַמע־לשון, מיט ייִדיש.

די דאָזיקע באַהויפּטונג, וואָס פֿאַר געוויסע לייענער וועט זי זיך אפֿשר אויסנעמען זער געוואַגט, נויטיקט זיך דעריבער אין אַ ווייטערן פּירוש און אין אַ ברייטערן אַנאַליז פֿון דעם באַהאַנדלטן פּראָבלעם. מחמת מיר לייקענען נישט, אַז מיט אונדזער טעאָריע דאַרף ווערן אָפּגעפֿרעגט אין איין צייט דער גאַנצער קאָמפּלעקס, וואָס איז נוגע דעם אויפֿקום פֿון דער מאָדערנער העברעאישער שפּראַך. דאָ דאַרף אָפּגעפֿרעגט ווערן דער מכלומרשטער היסטאָרישער הכּרח, וואָס זאָל האָבן געפֿירט צו דער ווידעראויפֿלעבונג און אַנטוויקלונג פֿון איוורית, ווי אַ גערעדטע שפּראַך. דאָ וועט קריטיש אָפּגעפֿרעגט ווערן איר אָר־גאַנישע, איר אַזוי צו זאָגן נאַטירלעכע נויטיקייט און נישט צולעצט איר קולטורעלער באַטייט און ווערט כּלפּי אונדזער מעכטיקן, נאַטירלעכן שפּראַך־אָרגאַניזם: ייִדיש. —

עס איז אַ פּשוטער, הגם פּאַטעטישער אמת, אַז אַלץ, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן פֿון מענטשן מוז אונטערגיין. אַלץ, וואָס מענטשלעכע מוחות האָבן אויסגעטראַכט און מענטשלעכע מי האָט מקיים געווען, מוז אַמאָל נעמען אַ סוף. דעם מענטשנס מעשים און זיינע אויפֿטועכצן

זענען נישט נאָר באַגרענעצט אין דער קוואַליטעט פון זייער מאַטעריע, זיי זענען אויך באַגרענעצט אין זייער דויערונג, אין דעם זמן, וואָס איז זיי צוגעמאָסטן געוואָרן.

צו דעם דאָזיקן אַכזריותדיקן חוק, דעם דאָזיקן אומבּרחמנותדיקן מולך, וואָס רופט זיך צייט, זענען לכתּחילה אויך משועבּד די מענטש־לעכע לשונות. מענטשלעכע לשונות פאַרגייען, פּונקט ווי די פעלקער, וואָס האָבן זיך מיט זיי באַנוצט. מענטשלעכע שפּראַכן שטאַרבן, פּונקט ווי דער מענטש, וואָס האָט אויף די שפּראַכן גערעדט.

אָבער פּונקט ווי דער מענטש לאָזן זיי אויך איבער יורשים, וואָס פירן ס׳רוב מאָל דעם גלייכן נאָמען, הגם זיי האָבן זיך מיט דער צייט און מיט דעם אַפּלויף פון די דורות שטאַרק פאַרענדערט און לסוף באַקומען אַ גאַנץ אַנדער פּנים און אַ גאַנץ אַנדערע געשטאַלט.

איך ווייס נישט, ווי לאַנג עס נעמט, אָבער זיכער נישט מער, ווי אייניקע הונדערט יאָר — פילאָלאָגן קענען אונדז אויפקלערן וועגן דעם — ביז אַ שפּראַך זאָל משנה זיין איר צורה אויף אַזוי ווייט, אַז "די אייגענע מאַמע וואָלט זי נישט דערקענט".

עס איז אַ דבר ידוע, אַז אויב אַן ענגלענדער, למשל, וויל זיך באַקענען מיט זיין אייגענער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור אוים דער צייט, לאָמיר זאָגן, פון טשאָסער אין פערצנטן יאָרהונדערט און שוין אָפּגע־רעדט פון די פריערדיקע אַנגלאָ־סאַקסישע, צי גאָר נאָרמאַניש־פראַנ־צויזישע פּעריאָדעס, מוז ער אָנקומען צו מאָדערנע איבערזעצונגען. אויף דעם גלייכן אופן וועט זיך מוזן נוהג זיין דער דייטש, וואָס וויל לייענען דאָס ניבעלונגען־ליד, צי די דיכטונגען פון וואַלטער פאַן דער פאָגעלווײַדע. אַ פראַנצויזישער פילאָלאָג וועט פאָרשטן אין די לעז״ן פון רש״י, כּדי אַריינצודרינגען אין די לינגוויסטישע סודות פון דעם פּראָווענצאַלישן לשון אין יענער צייט. די לשונות האָבן זיך בשעת־מעשה אויף אַזוי ווייט פאַרענדערט, אַז די איינעקלעך קענען זיי מער נישט פאַרשטיין.

מיינט דאָס, אַזוי צו זאָגן, דעם ערדישן סוף, דעם צייטלעכן טויט פון אַ לשון. פונדעסטוועגן מיינט דער דאָזיקער סוף נישט קיין פולע פאַרניכטונג, נישט קיין טאָטאַלע אויסמעקונג.

מחמת פּונקט אַזוי, ווי מיר זענען בטוח, אַז דעם הלך־לעולמו

באלייטן זיינע גוטע מעשים אויף יענער וועלט און פארזיכערן אים מיט אן אייביקן לעבן, פונקט אזוי זענען די גוטע מעשים, וואס א שפראך האט אויפגעטון, זענען די גוטע "מעשות", די גרויסע, שלמות־דיקע ווערק פון א ליטעראטור איר גוטער מליץ און פארזיכערן זי מיט אן אייביקן באשטאנד. ביידע, שאפונג און שפראך, זענען אייביק, מחמת דאס פאלק וועט זיך אייביק אין זיי דערמאנען, זיך שטענדיק צו זיי אומקערן. עס וועט פון זיי שעפן, פון זיי ציען זיין יניקה, זיין גייסטיקע שפייז, כל־זמן עס וועט אנהאלטן דעם היסטארישן המשך, זיין גייסטיק־געשיכטלעכע קאנטינואיטעט און הגם עס וועט דערביי דארפן אנקומען צו "תרגום־לשון", וועט זיך דערביי באנוצן מיט איבערזעצונגען.

דאס גייט ארויף סיי אויפן יידישן פאלק, סיי, להבדיל, אויף די אומות־העולם.

פונדעסטוועגן און היות מיר יידן זענען א פאלק פארשידן פון אנדערע פעלקער, היות מיר זענען, מיר ווילן און דארפן זיין פארשידן — כי אין לישראל להתדמות להם — האבן מיר אויך אין דעם דאזיקן ענין, אין דעם ענין פון אונדזער שטענדיקער פארבינדונג מיט אונדזערע אלטע און פארהייליקטע לשונות אריינגעבראכט א שינוי, מחדש געווען א חידוש, וואס ער איז באמת א יחיד במינו.

בעת ביי די אנדערע פעלקער פארטיפן זיך אין די אריגינאלע ווערק פון זייער פארגאנגענהייט נאר יחידים, פילאלאגן, ליטעראטור־פארשערס, היסטאריקערס און טעאלאגן און בעת נאר א קליינער טייל פונעם פאלק איז באהאוונט אין געוויסע אויסגעצייכנטע אלטע ווערק זייערע און קען דערפון נאר נהנה זיין אין איבערזעצונגען, איז דאס ביי אונדז יידן, אויף ווי ווייט מיר פירן זיך לויט אונדזער היסטארישער הלכה, לחלוטין אנדערש.

מיר, דאס גאנצע יידישע פאלק, יעדער איינצלנער ייד, מיר דארפן און זענען מחויב צו לערנען אונדזערע אייביקע ספרים, אונדזערע הייליקע ווערק פון אמאל דווקא אין דעם א ר י ג י נ א ל.

אזוי חשוב און פארהייליקט, אזוי ל ע ב ע ד י ק איז ביי דעם ייד זיין גייסטיקע ירושה, אז מיר באנוגענען זיך נישט מיט אן איבער־זעצונג פון דעם אלטן אריגינאל, ווי די אומות־העולם, נאר מיר זענען

מחויב איבערצוחזרן דעם אלטן אריגינאל בפירוש. אדרבה, מיר זענען געוואָרנט איבערצוחזרן דעם אריגינאל עפּעטערס, ווי די איבערזעצונג —שנים מקרא ואחד תרגום — זיכער צוליב דעם באַזונדערן חשיבות פון דער תורה הקדושה, אבער אפשר אויך דערפאר, וואס פון דעם אריגינאל ווערט מען דאך אלע פאר הונדערט יאר, צי אלע פאר טויזנט יאר, ווערט מען דאך מיט יעדער רגע פון דער געשיכטע וואס מער דערוויטערט, בעת מיר דארפן בלייבן מיט אים וואס מער פארבונדן.

אבער דאס איז נאך נישט אלץ. יענער "אחד תרגום" מיינט ערשט דעם אלטן, דעם יידיש-אראמישן תרגום. מחמת עס איז נישט גענוג זיך צו פארטייטשן דעם אריגינאל מיט דער שפראך פון היינט, מיר טארן אויך נישט פארשעמען דעם תרגום פון אמאל, אזוי אז אויך יענע יידישע שפראך בלייבט לעבעדיק אויף אונדזער צונג. א חוץ דעם איז יענער תרגום געווארן א חשובער חלק פון אונדזער ליטורגישער ליטעראטור, איז אריין אין אונדזערע סדורים און — אחרון אחרון חביב — די הויפטווערק, דאס הויפט-לערנען פונעם יידן, גמרא און קבלה, זענען דווקא פארפאסט געווארן אין יידיש, אין יידיש אראמיש.

איז דאס דער געוואלדיקסטער גייסטיקער אויפטו, וואס מען קען זיך בכלל משער זיין. איז דאס א כבוד און א אויסצייכענונג פאר דעם גאנצן יידישן פאלק, וואס איז בפירוש מחויב צו אזא גייסטיקן פארנעם, מחויב פון דעם לעצטן יידישן וואסערטרעגער און בעל-עגלה ביז צום געלערנטסטן רב און תלמיד-חכם. איז דאס א קאנצעפּציע פון גייסטיקער קולטור, וואס איז נאך נישט דערהערט געווארן ביי קיין שום אומה ולשון, א שפיץ פון "קולטור-טעטיקייט" וועם קען און וועט שוין נישט מער איבערגעהעכערט ווערן.

דערמיט איז מקוים געווארן לעת-עתה אויפן גייסטיקן געביט, אויפן פעלד פון שפראך און ליטעראטור דער נס פון השארת-הנפש, סיי ביי די אומות-העולם, סיי ביים יידישן פאלק. ביי זיי אין אן ענגערן ראם, דורך יחידים מומחים און איבער דער בריק פון איבער-זעצונגען, וואס זענען פארשפרייט ביי א טייל פונעם פאלק; ביי אונדז יידן אין א ברייטערן ראם, דורך דעם אריגינאל גופא, איבערגעגעבן

דירעקט און צוזאמען מיטן תרגום צום גאנצן פאלק, לכל-הפחות ווי א פאדערונג, אן אידעאלע פאדערונג און א רעליגיעזע התחייבות.

דעריבער קענען מיר מיט רעכט זאגן, אז ביי אונדז יידן, אין די מוחות און אין די מיילער פונעם יידישן פאלק לעבן אונדזערע אלטע לשונות בפועל-ממש! די געשטארבענע שפראכן האבן זיך ביי אונדז ווידער דערוועקט צום לעבן, צו א רעאלן אייביקן לעבן במלוא-מובן-המלה, אויף דער וועלט און אין אונדזער צייט!

מיר באנוצן די דאזיקע שפראכן נישט צום רעדן, נישט פאר דברי-חול, אבער פונדעסטוועגן זענען זיי ביי אונדז שטענדיק אויף דער צונג, זאגן מיר זייערע ווערטער בפירוש ארוים. מיר האלטן זיי אין איין איבערחזרן, מיר לערנען זיי יומם-ולילה, מיר וויקן זיך און דביקען זיך אין זיי, מיר זינגען זיי, מיר צערטלען זיי, מיר קושן זיי אפילו, די ליבע, די הארציקע, די טייערע געכתיבהטע אותיות, די שריפט-סימבאלן פון יענע הייליקע ווערטער, וועס זענען מיט אונדז שוין אויף תמיד פארבונדן, פארקניפט מיט אונדזערע נשמות אויף אייביק.

אט דאס מיינט, אז א ליטעראריש ווערק, א גייסטיקע יצירה און ממילא דאס לשון, אויף וועלכען עס איז געשאפן געווארן, האבען דערגרייכט יענע מדרגה, וואס מען באצייכנט פאר אייביק און וואס מאכן דעם מחבר פון א ווערק "אונשטערבליך", ווי דער דייטש רופט עס.

איצט, אז מיר האלטן שוין אזוי ווייט, קענען מיר גיין א שריט ווייטער און זאגן אז אדרבה, אז דער אומשטאנד, וואס די דערמאנטע לשונות האבן דערגרייכט די געבענטשטע ברעגעס פון דער אייביקייט, אז דווקא דאס האט באווירקט, מען זאל זיך אויפהערן צו באנוצן מיט זיי, ווי מיט גערעדטע שפראכן.

מען קען אפילו גיין נאך ווייטער און זאגן, אז דאס איז נישט נאר דער נארמאלער, דער נאטירלעכער, נאר אויך דער עטישער פועל-יוצא דערפון, אז אזוי דארף צו זיין. אז אויב א שפראך האט

זיך דערשלאגן צו אזא הויכער מדרגה, אזא דערהויבענעם מצב, דארף זי, מוז זי אויפהערן ווי א גערעדטע שפראך.

מען מוז שטארבן, כדי צו ווערן "אונשטערבליך" און ערשט מיטן טויט הויבט זיך אן, קען זיך ערשט אנהויבן — דאס אייביקע לעבן.

אויב די דאזיקע סברא זאל פארקומען איינעם, צי דעם אנדערן פון מיינע חשובע לייענער צו סתירהדיק, צי גאר פאראדאקסאל, צי אפשר אפילו מיסטיש, קען מען זי אויך, מיין איך, לייכט מסביר זיין אויף א מער ראציאנאלן, א שכלדיקן אופן. מען קען זאגן, אז כל־זמן א שפראך לעבט, דאס הייסט, כל־זמן מען באנוצט זיך מיט איר ווי מיט א גערעדטער שפראך, איז זי משועבד צו די געזעצן פון וועלט און צייט. זי איז אונטערגעווארפן דעם וועקסל פון דער וועלט און דעם שינוי, צי אפילו אויך דער מאדע פון דער צייט. זי וועט זיך אייביק בייטן, וועט זיך שטענדיק פארענדערן, הקיצור, כל־זמן זי לעבט, האלט זי אין איין שטארבן.

אויב מען האט אבער אויפגעהערט זיך מיט איר צו באנוצן, אויסצודריקן מיט איר הילף דעם קאליידאסקאפישן וועקסל פון דער צייט, ערשט דענצמאלט וועט זי זיין ביכולת, זיך — איין מאל פאר אלע מאל — צו קאנסאלידירן, צו פארפעסטיקן, צו פאראייביקן. וועט די וועלט מער נישט האבן קיין שליטה איבער איר און די צייט וועט מער נישט קענען משנה זיין איר צורה. ווען אירע ווערטער זיין ווי א הויך פון דער אייביקייט און אירע פסוקים וועלן לייכטן מיט דעם ליכט פון אן אנדערער וועלט. וועט די שפראך געווינען איר לעצטע, איר גילטיקע געשטאלט.

אויב מיינע חשובע לייענער קענען מסכים זיין מיט דער דאזיקער הנחה, וועלן זיי אפשר אויך מסכים זיין מיט אונדזער אלגעמיינער היסטארישער השקפה אין שייכות מיט דעם "אויפקום און אומקום" פון די דריי חשובסטע יידישע לשונות, דהיינו, לשון־קודש, תרגום־לשון (יידיש־אראמיש) און יידיש (אונדזער יידיש־אשכנזיש), אפזעענדיק לעת־עתה פון דעם אזוי גערופענעם מאדערנעם העברעאיש אין מדינת־ישראל.

לויט דעם איז, בסך־הכל און אויף א נארמאלן אופן, עברית, די שפראך פון אונדזער עבר, דאס לשון פון אונדזערע אבות, וואס זענען געקומען קיין ארץ־ישראל מעבר לירדן, שוין לאנג געשטארבן. עברית, ווי א גערעדטע שפראך איז לעולם און לויט אלע כללים, וואס זענען דא פונאנאנדערגעזאגט געווארן — טויט. זי איז נפטר געווארן מיט אן ערך צוויי טויזנט יאר צוריק, נאכדעם ווי זי האט קודם אין תנ"ך און דערנאך אין דער משנה ארויסגעזאגט דאס גרויסע, דאס אייביקע ווארט, דאס גרעסטע ווארט, וואס איז ווען פון א פאלק ארויסגעזאגט געווארן.

דערמיט האט זי מקיים געווען איר היסטאריש שליחות און איז געווארן צייטיק, זיך צו געזעגענען מיט דער צייט, אראפצוגיין פון דער בימה, וואס רופט זיך וועלט און איינצוגיין אין יענעם צרור־החיים, פון וועלכען זי האט נישט אויפגעהערט ארויסצושיקן צו אונדז אירע ליכטיקע שטראלן ביז צום היינטיקן טאג און לעתיד לבוא. פון עברית איז געווארן לשון־קודש.

דעריבער אבער, אז מיט דער תורה הקדושה, מיט נביאים און כתובים זענען געשאפן געווארן ווערק, וואס קענען שוין קיינמאל מער נישט איבערגעהעכערט ווערן, דעריבער וועט מען זיך, האף איך, מיט קיינעם נישט דארפן האמפערן. אויב מען פארטראכט זיך אין דעם, אז די באדייטונג און דאס חשיבות פון א ווערק ליגט, לויט אפרים אויערבאכ'ס א חריפותדיקער באמערקונג, נישט נאר אין זיין אביעקטיוון ווערט, דאס הייסט, וואס און וויפל מען האט דערפון ארויסגעלייענט און ארויסגעלערנט, נאר אויך און אפשר דערהויפט, וואס און וויפל מען האט אין אים אריינגעלייענט און אריינגעלערנט, דארף מען אין דעם ענין נישט לענגער מאריך זיין.

אונדזער תורה, אונדזער נ"ך זענען סיי פון יידן, סיי פון א סך הונדערטער מיליאנען מענטשן מיט אנדערע אמונות געלייענט געווארן, געלייענט און געלערנט און געפארשט דורך טויזנטער יארן און לעולם־ועד, ווי קיין שום ספר, זייט די וועלט שטייט.

דאס גלייכע גילט פאר תרגום־לשון. יידיש־אראמיש האט אויף א חידושדיקן אופן מקיים געווען זיין היסטאריש שליחות און האט אונדז באשאנקען מיט גיגאנטישע ווערק, וועלכע האבן אויסגעשמידט

און אויסגעפּאַרעמט דעם יידישן מוח דורך הונדערטער יאָרן און לסוף אַרויסגעבראַכט דאָס, וואָס די וועלט האָט מיט ליבשאַפט צי מיט שנאה, אָבער שטענדיק מיט באַוואונדערונג, באַצייכנט ווי דעם „יידישן גייסט".

איז אויב יענע שפּראַכן ווערן נישט מער גענוצט ווי קיין גערעדטע שפּראַכן, אויב זיי זענען אין דעם זינען "געשטאָרבן", דאַרף מען זאָגן מיט אַ פרייליכן האַרץ: ברוך דין אמת! איבער אַזאַ מיתה דאַרף מען נישט וויינען, אויף אַזאַ טויט דאַרף מען נישט טרויערן. דאָס איז נישט קיין אבדה, דאָס איז אַ זכות. דאָס איז דער דערגרייכטער קץ, דער תכלית, וואָס אַלצדינג און יעטווידער שטרעבט דערצו. אויב אַ הלך־לעולמו גייט אַוועק מיט אַזוינע מעשים און לאָזט איבער אַזאַ ירושה, דאַרף מען אים נישט טשעפּען. דאַרף מען אים נישט, מיט גוואַלד, אַראָפּציען פון דעם עולם־העליון אין אונדזער פאַרשפּלטער וועלט. דאַרף מען אים נישט פאַרשטערן זיין רו, בפרט אויב די דאָזיקע רו מיינט ווייטער לעבן, מיינט ווייטער ווירקן, מיינט אַ טובה און אַן אייביקע טרייסט פאַר די איבערגעבליבענע.

איז אויב אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס זענען נישט איבעריק נתפעל געוואָרן פון דעם מאָדערנעם העברעאיש, וואָס איז דעמאָלט נאָך אַנגעזען געוואָרן פאַר לשון־קודש, און האָבן באַטראַכט דאָס באַנוצן זיך דערמיט און בפרט דאָס שאַפן פון נייע ווערטער כמעט ווי אַ חלול־השם, זענען זיי דערביי געפירט געוואָרן פון אַ ריכטיק געפיל, פון אַ זיכערן און געזונטן אינסטינקט. זייער יידישער חוש האָט, אָן חקירות און אָן פירושים, באַלד דערשמעקט דאָס פאַלשע, דאָס פרעמדע, דאָס אַנטי־רעליגיעזע און אַנטי־יידישע אין דער דאָזיקער שיטה. זיי האָבן פשוט מורא געהאַט מחלל־לשון צו זיין, צו פאַרשוועכן די הייליקייט פון לשון־קודש. זיי האָבן זיך געשייעט אַריינצוגרייכן מיט זייערע גראָבע, ערדישע הענט אין אַ העכערער, אַ הימלישער ספירה. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן עוולה, אַז דערמיט באַגייט מען אַן עברה, טרעט מען אַריבער איבער אַ פרעמדן, אַ פאַרהייליקטן גבול. זיי האָבן געפילט, מיט דעם פאַר־פיינערטן געפיל, וואָס נעמט זיך פון אַמתער אַלטער קולטור, אַז דורך דעם אָרדינערן געברויך פון לשון־קודש פאַר ביליקע, וואָכעדיקע

ענינים, וועט אויך דאס לשון פארביליקט און פארוואכעדיקט; אז ווערטער, אנגעפילט מיט דעם תוכן פון יארטויזנטער און שווער מיט א שווערן און גורלדיקן אינהאלט, מיט א הערזאישער און הייליקער פארגאנגענהייט טארן נישט באנוצט ווערן פאר וועלטלעכע נארישקייטן און צייטלעכע נישטיקייטן, פאר פאליטישע פלאפלערייען און ליטע־ראַרישע לאַקאטקעס, ווי מיר דערלעבן דאס היינט אויף שריט און טריט; אז דערמיט ווערט זייער ריינקייט באשמוצט, זייער כבוד באליידיקט, זייער צניעות פארגוואלדיקט און געשענדט. זיי האבן פארשטאנען, אז נאך זיינע הויכע דערגרייכונגען, אז נאכדעם ווי פון עברית איז געווארן לשון־קודש, האט דאס לשון פארלוירן זיין געשיכט־לעכע נויטיקייט, אנגעוואוירן זיין טרייבקראפט, זיין היסטארישן מאטיוו, הקיצור, אז ווי א גערעדטע שפראך האט עברית אזוי צו זאגן מער נישט קיין עקזיסטענץ־בארעכטיקונג.

עס איז, כדי זיך אומצוקערן פון אונדזערע טעארעטישע איבער־לייגונגען, וואס האבן אבער, ווי מיר האפן, אויך זייער עמינענט פראקטישע באדייטונג, צו אונדזער אייגנטלעכער טעמע, עס איז געווען, זאגן מיר, א פעלער, דער גרויסער און פאטאלער פעלער פון ע פ ר ו י ק י ן בכלל צו רעדן וועגן א "פערמאנענץ פון העברעאיש". ער האט זיך דערביי פשוט פארביטן מיט די יוצרות. ער האט פארביטן זיין השגה וועגן דער אייביקייט פון לשון־קודש מיט דער מכלומרשטער אייביקייט, דער מכלומפרשטער פערמאנענץ פון העברעאיש. ער האט אידענטיפיצירט לשון־קודש מיט איווריט. ער האט אונטערגערוקט די מידות טובות פון דעם אלטן, הייליקן לשון דער מאדערנער שפראך, וואס וועגן אירע מידות וועלן מיר נאך האבן עפעס צו זאגן שפעטערצו.

אויב ע פ ר ו י ק י ן וואלט געוועזן געזאגט, אז ווי א גערעדטע שפראך און אין א צייטפונקט, וואס איז פארהוילן פאר אונדזערע בליקן און ליגט פארבארגן אין די גערדיכטע נעפלען פון צוקונפטיקע יארהונדרעטער — וועט יידיש אמאל מוזן אונטערגיין, פ ו נ ק ט ו ו י ע ב ר י ת א י ז א ו נ ט ע ר ג ע ג א נ ג ע ן א ו ן ו ו י י י ד י ש ־ א ר א מ י ש א י ז א ו נ ט ע ר ג ע ג א נ ג ע ן, וואלט

מען געקענט מיט אים איינגאנצן מסכים זיין. דאס וואלט נישט געמיינט קיין אפשוואכונג פון דעם היסטארישן און נאך לאנג נישט פארענדיקטן שליחות פון דער יידישער שפראך און דערמיט וואלט ער נישט צוגעטיילט דעם מאדערנעם איווריט א פאלשע, א נישט פארדינטע אייגנשאפט.

אגב איז דא דער ארט צו באמערקן, אז צו א גרויסן טייל האלט זיך היינט איווריט אין דער אכטונג פון דער וועלט דווקא צוליב דער דאזיקער, אים צוגעטיילטער, נישט פארדינטער אייגנשאפט, דווקא צוליב דער דאזיקער פאלשער אידענטיפיקאציע. מען וואגט נישט אפצופרעגן איווריט, מען וואגט נישט קריטיש צוצוטרעטן צו אירע פראבלעמאטישע קוואליטעטן צוליב דעם אלץ נאך, ב"ה, איינגעוואָרצלטן יראת-הכבוד פאר דער תורה און פאר לשון-קודש. איווריט לעבט נאך פון דעם אלטן קרן. מען גיט דעם זון קרעדיט, מחמת דער פאטער איז געווען א בעל-בטוח. מען האלט אים ערלעך צוליב זיין ערלעכער משפחה און דעם אלטן שלשלת-היוחסין, און הגם איווריט איז היינט שוין אזוי דערווייטערט פון זיין מקור, אז א ייד, וואס איז א בקי אין תנ"ך און אין ש"ס ופוסקים ,איז מער נישט ביכולת צו לייענען א מאדערנע העברעאישע צייטונג, וואס פאר זיך אליין מוז דאס נישט זיין קיין גרויסער אומגליק.

אין דער אמתן און באטראכט מיט א ניכטערנעם בליק איז דעריבער איווריט, ווי א גערעדטע שפראך, נאך א הפסקה פון טויזנטער יארן און אן דעם געשיכטלעכן המשך צו דער קעגנווארט, וואס דאס איז די אנטשיידנדיקע מעלה פון יידיש, לחלוטין נישט חשובער פון אונדזער מאמע-לשון, אפילו אויב מען זאל אנווייזן אויף איר כשרן מקור און אויף דעם פרעמדן אפשטאם פון יידיש.

קודם-כל האלטן מיר, אז דער מקור פסלט נישט. דער פרעמדער מקור פסלט נישט דאס יידיש לשון, פונקט ווי ער האט נישט געפסלט דעם ניגון, וואס א חסידישער רבי האט לכתחילה אויפגעכאפט פון עפעס א גויאישן פאסטוך און האט אים דערנאך אויף אזוי ווייט געיידישט, אז זיינע חסידים זאלן אים קענען זינגען ביים שלש-סעודות, פאר זמירות.

דער חיוב פון א שטענדיקן קאנטאקט מיט דער תורה און מיט

די כתבי־קודש און ממילא מיט לשון־קודש האט גאראנטירט דעם גייסטיקן איבערגעוויכט אויף אזוי ווייט, אז ביי דעם פראצעס פון לינגוויסטישער אסימילאציע, זאלן מיר אסימילירן דאס פרעמדע און נישט דאס פרעמדע אונדז.

אגב געהער עס צום פילאלאגישן אלף־בית, אז יעדע שפראך איז א מיש־שפראך און עס איז למשל א פראגע פאר פילאלאגן, צי איז דער אנטייל פון פראנצויזישע ווערטער אין דער ענגלישער שפראך נישט קיין גרעסערער, ווי לאמיר זאגן, דער אנטייל פון דעם סלאווישן עלעמענט אין אונדזער יידיש.

מען קען אפשר אפילו היינט שוין שטעלן די ציעקאווע פראגע, צי איז דער אנטייל פון אריגינאלע און נישט פארענדערטע לשון־קודשדיקע ווערטער אין אונדזער יידיש נישט קיין גרעסערער, ווי אין דעם מאדערנעם איווריט. פאר דעם שרייבער פון די דאזיקע שורות איז קיין ספק נישט, אז די פראגע איז לכל־הפחות בארעכטיקט, אויב מען זאל זיך נישט אפשטעלן אויף די בלויזע ווערטער, אויף דער שאלעכץ פון דער שפראך, נאר אויב מען זאל באטראכטן דעם גייסט פון דער שפראך, אין וועלכן יענע ווערטער ווערן באנוצט. מען דארף, ווי געזאגט, נאר פארגלייכן דעם גייסט, דעם רעליגיעזן גייסט, זין און טעם פון די לשון־קודשדיקע ווערטער אין יידיש מיט דעם זין און דעם טעם, וואס די דאזיקע און א שלל שפאגל־נייע, לויט גראמאטיקאלישע אנאלאגיעס געשאפענע אויסדרוקן, האבן אין דעם מאדערנעם איווריט. עס איז א סוד פאר גאנץ בראד, אז דער מאדערנער העברעאיש פארלירט פון טאג צו טאג וואס מער זיין יידיש פנים, ווערט אן וואס מער זיין אינדיווידועלן יידישן קנייטש און זיין טיפיש יידישן כאראקטער.

איז דעריבער איווריט גאר א קנאפער מיוחס און, ווי געזאגט, לחלוטין נישט חשובער, נישט מיט קיין האר חשובער פון אונדזער יידיש, נאר דיקא קאפויער.

אויב מיר זעען אויף א ווײַלע אפ פון די טעותן און פון די זינד, וואס מיר אליין האבן באגאנגען אין די לעצטע פעריאדעס לגבי יידיש און וואס דאס צו פארריכטן איז היינט אונדזער גרויסע אויפגאבע און אונדזער היסטארישע פליכט, קענען מיר זאגן, אז יידיש, ד ו ק א

יידיש און נאר יידיש פארמאגט די אלע קוואליטעטן, וואס זענען מסוגל צו מאכן פון אים די אידעאלע שפראך־כלי פאר אונדזער אומה, דעם פאסיקסטן און רעפרעזענטאטיווסטן שפראך־אינסטרומענט פון דעם יידישן פאלק.

אזוי פארהאלט זיך עס צוליב פארשידענע טעמים, דערהויפט אבער צוליב דעם, וואס בדרך־כלל מוז מען די שאפונג, אדער בעסער די געבורט פון א נאציאנאלער שפראך, ווי איך האב אויסגעפירט אין מיין ארטיקל "פאנעטישער אנטי־יידישיזם" (צוערשט אפגעדרוקט אין "לשון און לעבן", לאנדאן, תש"ה — 1945, איבערגעדרוקט אין מיין זאמלונג עסייען "אויף יידישע יסודות", לאנדאן, תש"ח — 1948) לכתחילה באטראכטן ווי א היסטארישן הכרח, א געשיכטלעכן צוואנג און נישט ווי דעם פועל־יוצא פון א פערזענלעכער פעולה, צי אפילו א פרייוויליקער נאציאנאלער בחירה.

אין יענעם ארטיקל, וואס אגב איז ער געשריבן געווארן אין שייכות מיט אן עסטעטישער אפשאצונג פון דער יידישער שפראך, ביי דער געלעגנהייט פון א באמערקונג מצד דעם איצטיקן פרעמיער־מיניסטער פון מדינת־ישראל, דוד בן גוריון וועגן געוויסע פאנעטישע קוואליטעטן פון אונדזער מאמע־לשון, האב איך געשריבן און גיב דא איבער מיט קליינע שינויים, אט וואס:

"א נאציאנאלע שפראך, ארויפגעשוואומען פון די אונטער־ערדישע, פארבארגענע טיפן פון דער פאלקס־נשמה, אויסגעקנעטן און אויסגעפארעמט במשך פון הונדערטער יארן, מוז זיך דעקן מיט די נאציאנאלע באדערפענישן פון אירע אייגנטימערס. די געבורט פון א שפראך איז א ביאלאגישער פאקט, ווי דאס שפראצן פון געוויקסן, ווי דאס אפירברעכן פון א קוואל. א שפראך ווערט נישט קאנסטרואירט ביים גרינעם טיש, א שפראך ווערט נישט געמאכט. זי ווערט געבוירן, ווי א ולד. זי איז לעולם דער אדעקוואטער ענטפער צו א פאלקלעכער נויט, צו א לינגוויסטישער נויטיקייט. זי מוז בעל־כרחה קארעספאנדירן מיט די לינגוויסטישע, מיט די עטישע און עסטעטישע אידעאלן פון דעם פאלקסגייסט, וואס איז איר געווינערן. א נאציאנאלע שפראך איז בעל־כרחה די פאסיקסטע כלי אויף צו אנטפלעקן און אויסצו־דריקן די אינערלעכסטע מחשבות, די אינטימסטע געפילן, די פיינסטע,

אימפאנדעראבלסטע באזונדערקייטן פון דעם פאלקסכאראקטער. זי איז פונקט אזוי גוט און פונקט אזוי שיין, ווי זי דארף צו זיין. זי האט פונקט דעם חן, וואס די פאלקס-נשמה האט געוואלט, זי זאל האבן. צו זוכן חסרונות אין אירע קוואליטעטן, צי אין איר שיינקייט, זיך מתווכח צו זיין איבער איר בארעכטיקונג צו עקזיסטירן, צי איבער אירע עסטעטישע חסרונות, דאס איז א ווידערשפרוך אין זיך אליין, ס'איז א סתירה א פריארי. ס'איז ווי צו רעדן וועגן א פינצטער ליכט, א טרוקן וואסער. ס'איז א "קאנטראדיקציא אין אדיעקטא", א קיילעכי־קער, הונדערטפראצענטיקער פאראדאקס".

און איך האב דארט צוגעגעבן אין אן אנדערן שייכות, וואס קען אבער אויך דא און איצט געפינען זיין פלאץ:

"אזא פאראדאקסאלער צושטאנד קען נישט ווערן אויסגע־טייטשט און קען נישט ווערן פארענטפערט, א חוץ מיט אן איינציקן אלטערנאטיוו, דהיינו, אז יענע נישט פריינטלעכע קריטיקערס פון יידיש האבן זיך אזוי שטארק דערווייטערט פון זייער גייסטיקן יידישן מקור, זענען אויף אזוי ווייט פארפרעמדט געווארן פון זייער אייגן פאלק, אז זיי זענען אזש אראפגעפאלן ביז צו דעם טרויעריקן מצב, צו קוקן אויף אן אריגינאלער יידישער שאפונג מיט די אויגן פון א נים־ייד און דערצו נאך פון א ניט־איד, וואס איז לחלוטין נישט איבעריק פריינטלעך לגבי יענעם פאלק. אזא פארהאלטן מצד פון א ייד קעגן יידיש איז פשוט נגד־דרך הטבע. דאס איז אזוי נישט נאטירלעך, ווי צו פארשטויסן זיין אייגן קינד, ווי צו פארטרייבן זיין אייגענע מאמע. ס'איז אפשר אפילו נאך ערגער. ס'איז ווי מאבד־עצמו־לדעת זיין, ווי צו צערשטערן זיין אייגן לעבן, צו פארניכטן זיין נפש, צו דערהרגע־נען זיין נשמה.

מחמת די שפראך איז דאס לעבן פון דער נשמה".

איז דאס אלץ געזאגט געווארן אויף יידיש, אויף דעם טייערן אינסטרומענט, אויף דער געבענטשטער כלי, וואס די געשיכטע אליין האט פאר אונדז צוגעגרייט, פאר אונדז אויסגעפארעמט און אונדז ממש געגעבן אין האנט אריין. כמובן און אויב מען גלייבט אין א היסטארישער באשטימונג, איז דאס געשען צוליב א וויכטיקן היסטא־רישן תכלית, צוליב א פאזיטיוון תכלית, איז דאס געשען לטובת

דעם יידישן פאלק. איז דאס געשען, ווי ע פ ר ו י ק י ן האט בפרטיות און אנטשיידנדיק נאכגעוויזן, לטובת דער אפהיטונג, דעם אויפהאלט און דער פארשטארקונג פון זיין אינעווייניקסטן קערן, פון זיין נאציאָנאלן נפש, פון זיין יידישער נשמה, פון דעם, וואס מיר באצייכענען קורץ מיט יידישקייט.

פונדעסטוועגן און אויב מען זאל זיך וועלן ארײַנלאזן אין מיסטישע שפעקולאציעס און לערנען די מסכתא לשון אונטער דעם אספעקט פון עיקבתא דמשיחא, דאס הייסט, אויב מען זאל אננעמען, אז ביים "סוף פון די צייטן" וועלן אלע יידן רעדן לשון־קודש און אז מיר האלטן שוין איצט, ווי אפילו א סך פרומע און גוטע יידן מיינען — הגם אפשר מער פרומע, ווי גוטע און כמדומה אויפן סמך פון "כולו חייב" — ביי דער אתחלתא דגאולה, איז דער דאזיקער אנהויב, לכל־הפחות אויפן געביט פון שפראך, אן אויסטערלישער אנהויב. אויב די מאדערנע איווריט אין מדינת־ישראל זאל זיין דער ערשטער שריט אין דער אתחלתא־דגאולת־הלשון, וואלט דאך אזא פראצעס זיך געדארפט אפשפילן אויף א לאנגזאמען, אן ארגאנישן אופן און מיט דער גרעסטער פארזיכטיקייט. וואלט מען געדארפט דערביי פארגיין זער פאמעלעך און אזוי צו זאגן עקספערימענטעל, אין א שטענדיקן און ענגען שייכות מיטן תנ"ך און מיט די כתבי־הקודש, פונקט ווי עס האט זיך אפגעשפילט אין דער שפאנישער עפאכע ביי די ספרדישע יידן און וואס, אגב, איז מען דארט צו קיין גערעדטן פאלקס־לשון נישט דערגאנגען. מחמת עס דארף נעמען הונדערטער יארן, איידער אין אזא שפראך־פראצעס זאל זיך אויסבאקן א נאטירלעך און נישט געקינצלט, א געלעבט און נישט געמאכט לשון.

אויב מען זאל דארפן אויף דער סברא א הסכמה, האט קיין גרינגערער ווי חיים נחמן ב י א ל י ק אין דעם פרט געהאלטן אין איין ווארענען און מאנען, וואס מער מחמיר צו זיין, בשעת דעם דאזיקן פראצעס, אויף דער שאפונג און אויסבילדונג פון דעם נייעם סגנון, די נייע אידיאמען און ווערטער.

עס איז נישט לענגער, ווי אן ערך פון אכצן יאר, זינט ב י א ל י ק האט אין זיינעם א פארטראג ביי די פועלי־א"י אין נהלל (אפגעדרוקט

אין זיין עסייען־זאמלונג "דברים שבעל־פה", פארלאג "דביר", תל־אביב, תרצ"ה — 1934) געזאגט די דאזיקע ווערטער:

"לא מפי העם אנחנו חיים, העם חי מפי הספר שלו. ואל יבואו מקילים ויאמרו, שכבר הגיע זמן שאנו נלמד מפי המדברים עברית ונכתוב בלשונם. הרבה שנים תעבורנה, יובלות יעברו, עד שהעם ירגיש את הלשון שהיא חיה אתו והוא חי אתה. לפי שעה הלשון עומדת בתקופת הבריאה ולא בתקופה הטבעית שלה". ("מיר לעבן נישט פונעם פאלק, דאס פאלק לעבט פון זיין ספר. און זאלן זיך נישט יאוועז קיין מקילים און זאגן, אז דער זמן איז שוין געקומען, זיך צו לערנען פון יענע, וואס רעדן עברית און צו שרייבן מיט זייער לשון. א סך יארן וועלן פארגיין, יובלות וועלן פארגיין, איידער דאס פאלק וועט דערפילן דאס לשון, דהיינו, אז דאס לשון לעבט מיט דעם פאלק און דאס פאלק מיט דעם לשון. לפי־שעה אבער געפינט זיך דאס לשון ערשט אין דער פעריאדע פון באשאף און נישט אין זיין נאטיר־לעכער פעריאדע".)

היוצא מזה, אז צו ווערן פון טויט לעבעדיק איז נישט קיין לייכטער ענין און אז עס דארף נעמען הונדערטער יארן, אויב דאס פאלק זאל טאקע "ירגיש את הלשון", דערפילן די שפראך און נישט נאר נאכפלאפלען אירע ווערטער, אויב דאס לשון זאל ארויס־קוועלן פון דעם פאלק גופא און ווערן דער אויסדרוק פון די טיפענישן פון דער פאלקס־נשמה. הקיצור, עס דארף נעמען "יובלות", איידער עברית זאל קענען באמת ווערן א נאטירלעך גערעדטע שפראך.

אויפשרייבנדיק די דאזיקע ווערטער, דערהער איך פלוצים, ווי עס קלינגט מיר אין די אויערן, זע איך ממש בחוש, ווי עס הויבן זיך הענט און שפרייצן זיך פינגער, כדי אויף דעם אלטן גוטן יידישן אופן צו שטעלן א קשיא:

— סטייטש? היתכן? וואס באלעמוטשעט ער עפעס מיט בויך־סברות און טענהלט דארט אן טעאריעס מכוח טויטע שפראכן, וואס לעבן און לעבעדיקע שפראכן, וואס זענען טויט, צי וואס זיי וואלטן אים גאר אפשר געדארפט טון די טובה און זיך וואס גיכער

אפטראגן, נאר כדי עס זאל אים אריינפאסן אין זיינע משונהדיקע מליצות? עס איז דאך א בפירושער פאקט, א רעאלער פאקט, וואס מען קען אים ממש אנטאפן מיט די הענט, אז איווריט ווערט גערעדט און ווערט געלערנט, סיי אין מדינת-ישראל, סיי אפילו אין גלות, אין געוויסע העברעאישע חברותות און העברעאישע לערן-קורסן און אזש אויף אוניווערסיטעטן...

נאך בעסער, עס זענען היינט אפילו שוין פארהאנען קינדערלעך, זאלן לעבן, וואס קענען נישט און האבן קיינמאל נישט געקענט קיין אנדערע שפראך, ווי איווריט.

וועל איך דערויף גאנץ רואיק ענטפערן, אז דאס איז אמת, נאר אז פונדעסטוועגן און אין דעם זינען פון מיינע ביזאהעריקע אויספירן, האנדלט זיך דערביי פארט אין נישט מער, ווי אין אן א ו ט א פ י ע.

הויבן זיך אויף די קולות העכער, ווערט פון דעם געקלינג א ווילדער געשריי, פון די צעשפרייצטע פינגער צינויפגעפרעסטע פויסטן, ווי עס פאסט זיך פאר א היציקער יידישער דיסקוסיע און מען הערט שוין כמעט נישט ארוים די נייע טענה, וואס איז אין תוך די גלייכע, ווי פריער, נאר נאך אמאל איבערגעחזרט:

— היתכן? סטייטש? איווריט ווערט דאך גערעדט בפועל-ממש. עס איז דאך פארהאנען א מאדערנע העברעאישע ליטעראטור און זשורנאליסטיק, עס זענען פארהאנען זרמים מיט שולן מיט קינדער-גערטן מיט דעם גאנצן קלאפערגעצייג פון מאדערנער עדוקאציע, איז ווי איז שייך צו רעדן פון אן אוטאפיע?

וועל איך דערויף ענטפערן פונקט אזוי רואיק, ווי דאס ערשטע מאל, אז דא האנדעלט זיך כמובן אין א ר ע א ל י ז י ר ט ע ר א ו ט א פ י ע.

ווערט פון דעם געשריי א גערודער, א מהומה איבער טיש און איבער בענק. זע איך רויטע פנימער, אויפגעשטעלטע טשופרינעס און מיט בלוט פארלאפענע ליסינעס. צעפלאמטע אויגן שיסן מיך אזש דורך מיט זייער פייער און די פארמאצעוועטע פויסטן פיל איך שוין נאענט אונטער דער נאז. מען דערהערט שוין לאנג נישט זיין אייגן ווארט און א פשיטא שוין נישט דעם אנדערנס טענה.

איז דער תירוץ אויף דער נישט דערהערטער טענה, אז אן אוטאפיע איז נישט, ווי עס ווערט ס׳רוב מאל אנגענומען, קיין סתם פאנטאזיע, קיין חלום פון יענעם מין, וואס קען קיינמאל נישט מקוים ווערן און לעבט נאר אין די דמיונות פון פאנטאזיאָרן, צי אויף די בלעטלעך פון אוטאפיסטישע ראמאנען.

א והא ראיה: ווער עס האלט, ווי איך האלט, אז די אידייע פון קאמוניזם, למשל, איז אן אוטאפיע, דער מיינט לחלוטין נישט צו זאגן, אז די דאזיקע אידייע קען קיינמאל נישט מקוים ווערן. אדרבה, מיר ווייסן, אז די אידייע איז דווקא ליידער יא מקוים געווארן. מיר קענען נאר האפן, אז זי וועט נישט האבן קיין קיום.

דער תירוץ מיינט צו זאגן, אז די אידייע, צי די באוועגונג איז נישט ארגאניש ארויסגעוואקסן פון דער געשיכטע, איז נישט קיין נאטירלעכע שפראצונג, נישט דער מין געוויקס, וואס אנטוויקלט זיך כמעט נישט באוואוסט און ווי פון זיך אליין.

אן אוטאפיע איז א פראדוקט פון מענטשלעכע געהירן, אויסגעקוועטשט ביי גרינע טישן, אן אידייע פון מענטשלעכע מוחות, אן ״אידעאלאגיע״. די דאזיקע אידעאלאגיע קען דווקא יא רעאליזירט ווערן, קען מאטעריאליזירט ווערן דורך קינצלעכע קאנסטרוקציעס, דורך א מעכאנישן איבערגעביי איבער דעם אמתן, דעם ארגאנישן בנין, וואס ווערט פון יענעם פארשוועכט און פארגוואלדיקט.

אן אוטאפיע איז דער פערווערסער אנטי־היסטארישער איבערר־רייס מיט דעם ארגאנישן גאנג פון דער געשיכטע, מיט דעם וואס מען רופט געשיכטלעכע קאנטינואיטעט, מיט אונדזער היסטארישן המשך.

אגב איז דער דרך, זענען די מיטלען מיט וועלכע מען וויל מקיים זיין די דאזיקע אוטאפיע — און וואס אין א געוויסער מאס, איז זי, אין מדינת־ישראל, שוין מקוים געווארן — אויך לחלוטין אוטאפישע.

וואס דארף געשען, כדי צו מאכן פון איווריט די נאציאנאלע שפראך, די איינציקע נאציאנאלע שפראך, וועלכע דארף, כמדומה, אויף א טאטאליטארן אופן ארומנעמען דאס גאנצע יידישע פאלק?

וואס דארף געשען, כדי איינגאנצן צו העבראאיזירן דעם "מיאוסן" גלות?

מחמת ווי אלע נאציאנאל־שאָוויניסטישע שיטות באווייזט אויך די יידיש־נאציאנאלע זייער אפט טאטאליטארע טענדענצן. זי איז אנטי־פלוראליסטיש און האט א שטארקע נייגונג צו אוניפארמירן דאס רייכע, דאס פארביקע, הקיצור דאס ארגאנישע לעבן און עס צוזשניידן לויט א געוויסער אויסגערעכנטער סכעמע, לויט א טעא־רעטישער דאקטרין, וואס דאס איז שוין לכתחילה נישט די יידישע טבע און נישט קיין יידישע מידה. אהער געהער, למשל, די איצט אויפגעקומענע טענדענץ צו פאראייניקן די פיר זרמים אין דעם עדו־קאציע־סיסטעם פון מדינת־ישראל און צו מאכן דערפון איינעם, וואס זאל שטיין אונטער דעם אפּוטרופּסות פון דער מלוכה.

צוליב דער דאזיקער שפּראך־אוניפארמירונג דארפן געשען צוויי זאכן, דארפן מקוים ווערן צוויי אוטאפישע תנאים.

ראשית דארף מען זיך אפּזאגן פון מאמע־לשון, פון דער שפּראך, וואס מען רעדט אויף א נאטירלעכן אופן און וואס דאס איז פאר דעם רוב מנין ובנין פון דעם יידישן, דעם יידיש באוואוסטן פאלק אלץ נאך, ב"ה, יידיש. מיר זעען דערביי אפּ פון דעם פאקט, אז עס באשטייט ביי אונדז אויך א פולע שפּראכלעכע אסימילאציע, דאס הייסט, אז א סך יידן רעדן נישט יידיש און נישט העברעאיש. מיר האבן דא נאר אין זינען יענעם חלק פון אונדזער פאלק, וואס רופט זיך מזרח־אייראפּעאיש און וואס ביי אים איז איינגעשטאנען, לויט א באצייכענונג פון פּראפ. אברהם יהושע העשל, די גייסטיקע העגעמאניע, די גייסטיקע פירערשאפט און דער קולטורעלער איבער־געוויכט פון אונדזער אומה אין דער שפּעטערדיקער תקופה פון גלות.

והשנית דארף זיך דאס פאלק "אויסלערנען" איווריט, דארף א גאנץ פאלק זיך אויסלערנען רעדן אן אנדערע שפּראך, כמדומה אין שפּראך־קורסן, צי אין ענלעכע אינסטיטוציעס. עס דארף פּלוצים צוריקגיין צוויי טויזנט יאר צו א שפּראך, וואס איז שוין דעמאלט און בעת מיר האבן נאך פארמאגט אונדזער אייגענעם שטאט, אויפ־געגעבן געווארן, סיי צוליב נאטירלעכע סיבות, אבער אפשר אויך צוליב סופּרא־נאטוראלע מאטיוון, וואס מיר האבן אויף דעם שוין

מרמז געווען אין אונדזערע ביזאהעריקע אויספירן און וועלן זיך דערביי נאך אפשטעלן שפעטער.

די ערשטע פאדערונג, דהיינו, אריבערצושפרייזן איבער טויזנט יאר יידישע געשיכטע, וואס איז אין דעם זינען פון א שפראכלעכער און קולטורעלער העגעמאניע געווען די געשיכטע פון ייִדיש, איז נישט בלויז סתם אן אוטאפיע. דאס איז א בארבארישער, אנטי-קולטורעלער, מערדערישער אקט. מען וואלט אפילו געדארפט זאגן א זעלבסטמערדערישער אקט, אויב מען באקלערט, אז דערמיט וויל מען אונדז שפראכלעך און גייסטיק אפרייסן פון אן עפאכע, וואס איז געווען, כדי ווידער צו ציטירן פון פראפ. ה ע ש ל ם וואונדערלעכער שריפט "דער מזרח-אייראפעאישער ייד" (ארויסגעגעבן פון "שאקען-בוקס" — ניו יארק) "דער שיר השירים אין דער יידישער געשיכטע פון די לעצטע צוויי טויזנט יאר", פראפ. ה ע ש ל האלט אפילו פאר ריכטיק צו פארשטארקן די דאזיקע כאראקטעריסטיק און צוצוגעבן, אז "אויב אנדערע תקופות זענען געווען קודש, איז די תקופה געווען קודש קדשים".

אזא המצאה האט דעריבער נאר געקענט געבוירן ווערן אין מוחות, וואס זענען שוין לכתחילה געווען קאליע, מבולבל און מטושטש פון געוויסע מאדערנע מעכאניסטישע און מאטעריאליסטישע, דאס מיינט, אין תוך אוטאפיסטישע שיטות. אזוינס האט נאר געקענט אויפקומען אין די מחשבות פון מענטשן, וואס פארמאגן נישט דעם מינדסטן חוש פאר דעם מיין און די מידות פון מענטשלעכע לשונות. אזוינס האט נאר געקענט געפינען פלאץ אין קעפ, פאר וועלכע עס זענען נעלם געווארן די פרימיטיוועסטע השגות וועגן יענער צארטער און סענסיטיווער כלי, וואס רופט זיך שפראך. זיי הויבן נישט אן צו וויסן, אז א שפראך איז א לעבעדיקער, טיף פארווארצלטער און ווייט פארצווייגטער ארגאניזם, אן ארגאן, דער הויפט-ארגאן פון דער מענטשלעכער נשמה. זיי וויסן נישט, אז ווערטער זענען נישט סתם ווערטער, נישט סתם טויטע וואקאבלען, וואס מען קען זיי פארבייטן ווי א האנטעך, צי אוועקווארפן ווי א שמאטע און אויף

זייער ארט אריינגעמען, מיר נישט, דיר נישט, נייע און אקארשט אויסגעטראכטע, אקארשט פאבריצירטע ווערטער. זיי ווייסן נישט פון דעם איידלען סוד, אז ווערטער לעבן און אז כדי צו קענען לעבן, מוזן זיי זיין אנגעזאפט מיט לעבן, מיט היסטארישע איבערלעבונגען, איבערלעבונגען לטובה צי לרעה, לויט ווי דער געשיכטלעכער גורל האט עס באשערט. אז ווערטער פארמאגן אין זיך עטישע, עסטעטישע און סענטימענטאלע קוואליטעטן, וואס שטייען אין א שטענדיקן, נישט איבערגעריסענעם און שלמותדיקן שייכות מיט דער פאלקס-נשמה און אז די דאזיקע נשמה איז איינגעווארצלט אין געשיכטלעכן באדן, פון וועלכן זי ציט איר יניקה און אירע כוחות צום לעבן.

צו וועלן אפטיילן, אפטרענען, עוקר-מן-השורש זיין א שפראך פון דער נשמה איז אן אכזריותדיקע אפעראציע, א שניט, וואס דורך אים ווערט די נשמה גופא געשטעלט אין א סכנה און צוזאמען מיט די ווערטער קען אויך זי חלילה, אויסגעווארצלט און אינגאנצן פאר-שניטן ווערן.

דער צווייטער תנאי, אז דאס פאלק זאל זיך אויסלערנען א שפראך איז, קודם-כל, שוין אפגעפרעגט מיט דעם פריערדיקן אויספיר, דהיינו, אז מען דארף פריער דערהרגענען מאמע-לשון, פארטרייבן און אוועקשטופן יידיש אין א זייט, איידער איווריט וועט קענען ווערן דער אנגענומענער יורש.

אבער, געזעצט דעם פאל שלא יבוא, אז אזא מין עסק זאל קענען מקוים ווערן, וואלט דאס דאך געהייסן נישט מער און נישט ווייניקער, ווי איבערבייטן די נאציאנאלע נשמה. וואלט דאס געהייסן, ארויסנעמען פון אונדזער נאציאנאלן גוף די נשמה, וואס האט זיך דארט אויפגעהאלטן ביז אהער און במקום דעם אריינטון דארט אן אנדערע, א נייע, א שפאגלנייע נשמה.

און דאס, זעט איר, איז דווקא די אוטאפיע פאר עקסעלאנס און א מבוזהדיקע, א שפלדיקע אוטאפיע דערצו.

מחמת נשמה ווערט דאך דווקא כאראקטעריזירט דורך איר איינציקייט, דורך דעם עקשנותדיקן אויפהאלטן אט די איינציקייט. מען קען האבן א גוטע נשמה, צי א שלעכטע נשמה, אבער לעולם קען מען נאר האבן איין נשמה. אמת, מען קען א נשמה אמאל אויס-

איידלען און פארבעסערן, מען קען זי מעלה זיין למעלה; מען קען זי אמאל פארשטומפיקן, מען קען זי פארלירן, צי אוועקוואַרפן, אין בלאטע אריין, אין א רינשטאק ערגעץ, זי זאל דארט פארעיפושט ווערן, פארפוילט און פארפאלן. אבער מען קען זי קיינמאל נישט פארבייטן פאר קיין אנדערער, פאר קיין צווייטער נשמה. און אויף אייביק שוין טראגט דער מענטש, טראגט א פאלק דאס אחריות פאר זיין איינאונאיינציקער, זיין אייביקער נשמה. דאס איז זיין כוח און זיין קרענק, זיין שטאלץ און זיין שקלאפעריי. דערמיט קען א פאלק באווייזן זיין גרויסקייט און זיין געמיינקייט, זיין שטארקייט און זיין שוואכקייט. דערמיט קען עס מקיים זיין זיין היסטארישע בחירה, אדער זי אנווערן און פארשפילן אויף תמיד.

אגב, וואספארא אויסזען קען שוין האבן די דאזיקע "נייע נשמה", וואס איז כמובן נאר דער סוראגאט פאר א נשמה? ווי באשאפן קען שוין זיין דער דאזיקער משונהדיקער נשמה-פראטעז, אדער כדי צו געברויכן אווארט פון הרב מימון, געוועזענעם רעליגיע-מיניסטער פון מדינת-ישראל, דער דאזיקער "גולם אן דעם שם-המפורש"?

וואספארא פנים קען עס האבן אט די נייע שפראך-כלי, וואספארא יידישן טעם אירע ווערטער, וואספארא יידישן חן אירע אידיאמען? ווי שטארק איז איר יידיש-פסיכישע פאטענץ, ווי געבויט דער גאנצער קאמפליצירטער סיסטעם פון א שפראך, וואס איז נישט איינגעווארצלט אין געשיכטלעכן, ארגאניש-המשכדיקן לעבן, האט נישט קיין שורש אין דער גאנצער יידישער געשיכטע, אין דער גאנצער יידישער נשמה?

אן ענטפער אויף דער דאזיקער פראגע געפינען מיר אין דעם לענגערן און זער אינפארמאטיוון ארטיקל פון הרב דר. שמעון פעדערבוש (אין ניו יארקער "מארגען זשורנאל" פון 11-טען יולי 1952), אונטער דעם טיטל: "פון לשון-קודש ביז עברית, דער וואונדער פון דער יידישער מדינה".

הרב דר. פעדערבוש ווערט גאר נתפעל פון דעם העברע-

אישן ווערטערבוך "מילון עברי שמושי" פון א. אבן־שושן און בפרט איבער דעם פאקט פון דער "מערקווירדיקער באַרייכערונג פון העברעאיש אין דער לעצטער תקופה". אמאל, דערציילט אונדז דער רב מיט התפעלות, האבן "העברעאישע ווערטערביכער אנטהאלטן עכסטנס צען טויזנט ווערטער. דער איצטיקער "מילון" ברייננט 46,000 ווערטער". (געשפייצט אין אריגינאל). און ער גיט צו מיט א מחיהדיקער נאַאיוויטעט, אז "דערביי זיינען ניט אריינגענומען געווארן טויזנטער נייע ווערטער", וואס געפינען זיך אין די ספעציעלע פאך־ווערטער־ביכער, ארויסגעגעבן פון דעם "ועד־הלשון" אין ירושלים.

הרב פעדערבוש האלט דעם דאזיקן פאקט פאר א פועל־יוצא פון "קולטורעלער וויטאליטעט".

מיר אבער האלטן, אז אויב א שפראך קען במשך פון אייניקע צענדליגער יארן אזוי "וואקסן", איז דאס נישט קיין געוויקס, נאר א געשווילעכץ.

יעדער איינער ווייסט, אז שפראך־שאפונג איז זער א לאנג־זאמער פארגאנג, א פראצעס, וואס שפילט זיך אפ פאמעלעך און בהדרגה. די "אקאדעמי פראנסעז" פלעג פארברענגען יארן, איידער אירע קאמיסיעס האבן זיך אנטשלאסן אריינצונעמען א ניי ווארט אין דעם פראנצויזישן שפראך־אוצר. נייע ווערטער ווערן אריינגעלאזט אין תחום פון לשון, באקומען זייער "בירגער־רעכט" אין א שפראך, ערשט נאכדעם ווי די ליטעראטור און בפרט די פאעטישע שפראך האט פאר זיי דורכגעקעפט דאס דאזיקע רעכט אין א שווערן און געניאלן פראצעס.

דעריבער קען זיך ביי די ניי צוגעקומענע 36.000 ווערטער אין דערמאנטן ווערטערבוך נישט האנדלען וועגן קיין קולטורעלער שפע, נאר וועגן דעם פועל־יוצא פון א מין אינדוסטריעלער שפע, פון א מין שפראך־אינדוסטריע, וואס הרב פעדערבוש האט אונדז אקארשט אינפארמירט מיט סטאטיסטישע ציפערן וועגן איר אמת גראנדיעזער, מען קען אפילו זאגן איר רעקארד־פראדוקציע פון ווערטער.

ווילן מיר נישט באהויפטן, אז די דאזיקע ווערטער זענען נישט שכלדיק קאנסטרואירט. פארקערט, אויף ווי ווייט אונדז איז

באקאנט האבן זייערע מחברים אריינגעלייגט אין דעם ענין א סך מוח און א סך חריפות. זיי זענען זיכער גוט געמאכט. אבער דאס איז דווקא די מכה בצדם. זיי זענען געמאכט און נישט געוואקסן. זיי זענען נישט ארגאניש געוואקסן, זיי האבן פריער נישט געלעבט. זיי זענען נישט פריער אלט און צייטיק און גוט געווארן. מענטשלעכע מוחות האבן זיי אויסגעמאנצלט ביי גרינע טישן און דערנאך, דורך דעם "ועד-הלשון" ארויפגעווארפן אויפן פאלק. אזא ווערטער-פאבריקאציע מיינט נישט שפראך־יצירה, מיינט נישט שפראך־קולטור און דערפון איז נישטא וואס נתפעל צו ווערן. פארקערט, מען מוז מורא האבן, אז וואס מער ווערטער די דאזיקע פאבריק שפייט ארויס, אלץ ווייניקער ווערט וועלן זיי זיין, אלץ ווייניקער לעבן, אלץ ווייניקער דורכגעלעבטן און דורכגעליטענעם תוכן, אלץ ווייניקער נשמה וועלן זיי פארמאגן.

אזא שפראך און אזעלכע ווערטער קענען סוף־כל־סוף נאר זיין דער פועל־יוצא פון גייסטיקער צופאסונג, פון גייסטיקער אסימילאציע, אין אונדזער פאל בפרט פון אסימילאציע צו אייראפע. געדעדטער מאדערנער העברעאיש קומט נישט ארויס אויס דעם אלטן לויטערן יידישן קוואל, וואקסט נישט ארויס אויס דעם אוראייגענעם שורש פון דער יידישער נשמה. מען טראכט נישט אויף איווריט, מען איבערזעצט זיין אייראפעאישע טראכטונג אויטאמאטיש אויף איווריט. עס קען אויך גאר נישט זיין אנדערש, מחמת עס איז נאך נישט בנמצא קיין אייגענער העברעאישער לעבענס־נוסח. עס איז נישט בנמצא קיין מאדערנע העברעאישע קולטור, אויב מען זאל נישט פארבייטן דעם פאקט פון דער, אגב בנוגע איר יידישקייט זער פראבלעמאטישער מאדערנער העברעאישער ליטעראטור מיט דעם ברייטן באגריף פון קולטור, וואס דארף ארומנעמען אלע קולטורעלע צווייגן און וואס ליטעראטור איז נאר איינער פון זיי.

אויב מען וויל זיך אבער מתנצל זיין דערמיט, אז די העברעאישע קולטור איז דערווייל נאך א יונגעטשקע, איז דאס התנצלות נישט מער ווי א ווידערשפרוך אין זיך אליין.

מחמת מיט דעם באגריף קולטור איז קודם־כל פארקניפט דער באגריף פון זיין אלט, פון זיין איינגעפונדעוועט. אויב ביי א פאלק

אנטוויקלען זיך אידייען און אייגנשאפטן, וואס זענען שטארק גענוג, משפיע צו זיין אויף דעם גאנצן נוסח פון זיין לעבן און שאפן, רופט מען דעם דאזיקן כאראקטעריסטישן נוסח פון לעבן און שאפן: קולטור.

דער בעסטער סימן פון אמתער קולטור איז דעריבער איר עלטער, דער אומשטאנד, וואס זי האט זיך געעלטערט צוזאמען מיטן פאלק. מחמת אויב זי וואלט זיך מיט אים נישט געעלטערט, וואלט דאס געהייסן, אז זי איז נישט געווען שטארק גענוג, זיך צו דערהאלטןביים לעבן. אין אזא פאל וואלט עס שוין לכתחילה נישט געקומען צו קיין איינגעפונדעוועטן לעבנס־נוסח. וואלט פון דעם נוסח נישט געווארן קיין נוסח און פון דער קולטור וואלט נישט געווארן קיין קולטור.

א "יונגע קולטור" איז דעריבער א סתירה אין זיך אליין און אין בעסטן פאל א נבואה, צי א צוזאג אויף שפעטער. באין־אופן קען מען אבער קיין קולטור נישט "מאכן" און א פשיטא שוין נישט מאכן גיך, בחפזון, קען מען קולטור נישט פאבריצירן.

עס פארהאלט זיך דערמיט אזוי, ווי מיין חשובער פריינט, הרב חיים אורי הלוי ע ט נ ע ר האט עס אויסגעדריקט מיט איינעם פון זיינע געלונגענע גלייכענישן: אלצדינג קען מען פאבריצירן, א חוץ אלטן וויין. דאס חשיבות, די מידה און די מעלה פון אלטן וויין באשטייט רק אין דעם, וואס אלטער וויין איז — אלט.

פונדעסטוועגן און הגם הרב פ ע ד ע ר ב ו ש איז אן איבער־געגעבענער און אפילו ענטוזיאסטישער אנהענגער פון דער הערשנדי־קער שפראך־שיטה אין מדינת־ישראל, איז אים פארט נישט אלצדינג כשר וישר. נישט געקוקט אויף זיינע טעארעטישע הסכמות מיט דעם, וואס קומט דארט פאר אויפן לינגוויסטישן געביט, איז אים פראקטיש און בפועל־ממש פארט נישט אלץ צום הארצן. דאס ווייזט ער ארוים בפרט ביי יענער געלעגנהייט, וואו ער רעדט וועגן די נייע העברעאישע נעמען און באקלאגט זיך, אז עס איז "צו באדויערן, וואס מען האט אין ארץ־ישראל אויפגעהערט פארצוציען נעמען פון בארימטע יידישע פרויען און מענער, פון עטישע און היסטארישע געשטאלטן, נעמען

וואס האבן ניט נאר א פיינעם קלאנג נאר אויך א גרויסן אינהאלט".

זיין טיפער פעסימיזם באווייזט זיך אבער ערשט ביים סוף פון זיינע אויספירן, בעת ער מאכט דעם סך־הכל און שטעלט אליין א הארבע קשיא, וואס איז אזוי קלאר פארמולירט, אז מיר גיבן זי דא איבער מיט פארגעניגן. הרב פ ע ד ע ר ב ו ש פארטראכט זיך און פרעגט:

"בשעת מיר פארטראכטן זיך וועגן דער באדייטונג פון דעם אויסגעוואקסענעם ניי־העברעאיש און מיר פארגלייכן אים מיט דעם קלאסישן און פיל קלענערן ווארטשאץ פון תנ"ך, קען אמאל אויפקומען א ספק וועגן דער אידענטיטעט פון דעם עברית אין ישראל מיט דעם היסטארישן לשון־קודש. ווען די ענדערונגען אין אונדזער לשון זאלן אין מדינת־ישראל אזוי ווייטער אנגיין, וועט אין פ ו פ צ י ק יאר ארום למשל נישט אנטשטיין א נייע שפראך, און ניט אין המשך פון דעם תורה־לשון, פון דער שפראך פון אונדזער גרויסער אייביקער ליטעראטור? וועט דאס נישט שאפן א מחיצה צווישן דעם נייעם דור און דעם לשון פון אונדזערע נביאים?"

אבער — און דאס איז דער חידוש — הרב פ ע ד ע ר ב ו ש טרייסט זיך אויפן ארט דערמיט, אז די השפעה פון תנ"ך אפילו אויף די "נישט טראדיציאנעלע" קרייזן, דאס הייסט, אויף יענע וואס וועלן נעמען נאר די שאלעכץ און אוועקווארפן דעם קערן, וועט נישט דערלאזן, אז "ניי־העברעאיש זאל זיך אפרייסן פון אונדזער היסטארי־שער שפראך". און הרב פ ע ד ע ר ב ו ש באמערקט אפילו נישט, ווי טיף ער שטעקט אין דער בלאטע, אויב ער דארף זיך שוין היינט מנחם זיין דערמיט, אז איווריט וועט אי"ה בלייבן, אפילו נאך פופציק יאר, א יידישע שפראך.

אגב איז שווער צו פארשטיין פון וואנען הרב פעדערבוש באציט זיין אפטימיזם בנוגע א השפעה פון תנ"ך, בפרט אויך אויף "נישט־טראדיציאנעלע" קרייזן, וואס זענען דאך דער רוב אין מדינת־ישראל? און וואספארא מין השפעה וועט דאס זיין, א ריין לינגוויסטי־שע? וואספארא ווערט אבער האבן טויטע, פון זייער אינערסטן תוכן אויסגעליידיקטע ווערטער? וואספארא אינערע באדייטונג האט למשל, לויט א באמערקונג פון ישראל ע פ ר ו י ק י ן, דאס ווארט "שבת"

אויף דעם קאפ פון א יידישער צייטונג, וואס דרוקט זיך אום שבת און איז מחלל שבת? וואס-זשע בארעכטיקט אים צו אפטימיזם? אפשר זיין אייגענער באריכט, אז מען פארמיידט שוין היינט צו געבן דעם יידישן קינד א נאמען אוים דער תורה? צי שעפט ער זיין בטחון פון דעם חלול-השם, וואס מען האט באגאנגען, הגם זיכער קעגן דעם ווילן פון דער מלוכה און דעם רוב פון די דארטיקע יידן, מיט דער "פוריפיצירטער" תנ"ך-אויסגאבע, מיט דער דאזיקער שענדונג, וואס וועט בלייבן א חרפה-לדורות פארן יידישן פאלק? דער דאזיקער חלול-השם, נאך דערצו אויף דער הייליקער ערד פון ארץ-ישראל, איז אפשר געווען דער גרעסטער, וואס איז ווען באגאנגען געווארן פון דעם עם-ישראל — יא, עם-ישראל, מחמת מיר יידן זענען ערבים זה בזה — קעגן קודשא-בריך-הוא און דער תורה הקדושה און וואס קען שוין נישט אפגעווישט ווערן עד-סוף-כל-הדורות.

בכל-אופן באווייזן אבער די אליין געשטעלטע קשיות מיט די אליין געבראכטע תירוצים, אז ביי א טייל העבראאיסטן פילט מען דעם מאנגל אין א היסטארישן שורש. מען זוכט דארט אן אנשפאר, א תמיכה, כדי פארט נישט צו בלייבן הענגען אינגאנצן אין דער לופט. האט מען צוליב דעם אונטערגערוקט דעם תנ"ך. אזוי ווי דער גאנצער תנ"ך איז אבער דארט, ווייזט אוים, נישט זער פאפולער, האט מען מחדש געווען אן אנדערע פארמולע, דהיינו, אז מען וויל זיך צוקניפן צו די "נביאים". נביאים, דאס האט שוין עפעס אן אנדערן קאליר, בפרט פאר יענע, וואס פארשטייען זיי נישט. נביאים, דאס שמעקט שוין פאר זיי מיט מרידה, מיט פראגרעס, מיט סאציאליזם, הגם די דאזיקע אידענטיפיקאציע איז אדער נאאיוו אדער א באוואוסטער קאמופלאזש, וואס פארבייט דעם מכלומרשט גלייכן תכלית, די שטרע־בונג צו יושר, מיט דעם אנטשיידנדיקן פאקטאר, דהיינו, אויף וועלכע דרכים מען וויל צו אים דערגיין. מחמת וועלכע אידייע, אדער באוועגונג טרעט נישט אויף אין דעם נאמען פון "יושר"?

וויל מען זיך, הייסט עס, צוקניפן צו די נביאים, כמובן אין א גייסטיקן און קולטורעלן זינען, כדי זיך פארט צו פאראנקערן אין א היסטארישן יסוד.

וואס אבער קען הייסן, זיך צוקניפן צו די נביאים, צו דער ביבלישער פארגאנגענהייט? דאס קען דאך נאר הייסן, מאכן א שפרונג, א קפיצה אויף צוריק איבער א שטח פון צוויי יארטויזנטער. דאס קען נאר מיינען, האבן די חוצפה און נעגירן צוויי טויזנט יאר יידישע געשיכטע. דאס אבער מיינט, בכלל זיך אפזאגן פון געשיכטע, בכלל נישט האבן קיין געשיכטע, קיין לעבעדיקן נעכטן. איז דאס נישט נאר אן אוטאפישע באציאונג לגבי שפראך, נאר די קלאסישע פאראַ־דיגמע פאר אן אוטאפיע לגבי געשיכטע בכלל. מחמת עס וועט זיך נאך ווייזן, אז די דאזיקע פארמולע האט, אין דער פראקטיק, קיין שום באדייטונג נישט.

אגב, איז דא דער ארט צו באמערקן, אז דאס וועלן "צוריקגיין", דאס וועלן פארלייקענען גאנצע היסטארישע פעריאדעס און זיי פשוט אויסמעקן פון דעם נאציאנאלן זכרון, אז די דאזיקע אפט סענטימענ־טאלע, אבער נאך עפטער אראגאנטע און אגרעסיווע בענקשאפט נאך א העלדישער פארגאנגענהייט, איז כמעט שטענדיק אנצוטרעפן ביי עקסטרעם נאציאנאליסטישע, ביי נאציאנאל־שאוויניסטישע שיטות. מען האט דארט פשוט תרעומות אויפן רבש"ע, הלמאי כביכול האט די וועלט נישט אזוי געפירט, ווי יענע הפקר־קעפ מיינען, אז עס וואלט געוועז דער יושר.

דער דייטשער גענעראל לודענדארף מיט זיין געלערנטער פרוי דאקטאר האבן מכוון געווען צוריקצופירן דייטשלאנד, נאך זיין מפלה אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, צו דעם אלט־גערמאנישן, הײדנישן לעבן און בפרט צום אלט־גערמאנישן גלויבן, דעם קולט פון וואטאן. מען האט געוואלט מאכן פארגעסן די דייטשע נידערלאגע און פאר איר אנטלויפן, זיך פאר איר באהאלטן אין די דיקסטע, די געדיכטעסטע וועלדער פון דער אלטער גערמאניא. אין תוך איז דאס געווען סיי עסקעפיזם פאר דער טרויעריקער רעאליטעט, סיי די האלב אַדאָלעס־צענטע, האלב פסיכא־פאטישע בענקשאפט נאך אבסאלוטער ריינקייט, וואס פון איר ווערן ס'רוב מאל באפאלן ייִנגלעך אין דער פעריאדע פון זייער פובערטעט. נאר דא איז דערפון געווארן די אידעאלאגיע פון ראסנריינקייט. יעדער היסטארישער שינוי, יעדע באַרירונג מיט דער מיאוסער רעאליטעט פון דעם לעבן און פון דער געשיכטע, בפרט

אויב דאס איז געווען לרעה, האט כלומפרשט פאראומרייניקט דאס אידעאלע בילד פון דעם פארצייטישן גערמאנענטום.

עס איז לחלוטין נישט אפוועגיק צו פרעגן, צי נעמט זיך נישט די היינטיקע באציאונג פון מדינת-ישראל לגבי דעם "מיאוסן" גלות, די באציאונג פון ישראלים לגבי יידן, נישט פון אן ענלעכן מקור? צי האט נישט אפשר דער אומחן קעגן דעם גלות גורם געווען די בענקשאפט נאך אמאל און יענעם אקוטן מאנגל אין היסטארישן חוש, יענעם קראנק און קאליע געווארענעם היסטארישן אינסטינקט, וואס מיינט, ער קען פשוט אפלייקענען א יידישע תקופה, מחמת זי איז אים נישט געווען צום הארצן? צי האט נישט דאס דערפירט צו יענעם קינדישן פארלאנג, יענער אנאכראניסטישער און בארבארישער טענדענץ פון וועלן צוריקפאלן אין א ווייטער פארגאנגענהייט?

מען רעדט און שפעט היינט א סך פון די "כנענים". אבער די עקסטרעמע טענדענצן פון די כנענים זענען אין תוך די גלייכע טענדענצן, וואס הערשן ביי די געמעסיקטערע קרייזן, זיי זענען נאר פארשארפטער, אזוי צו זאגן, עקסטרעמער. די כנענים ווילן אויך "צוריקגיין", זיך אויך "צוקניפן" צום עבר. דער חילוק איז נאר, וואס זיי באנוגענען זיך נישט מיט א ליאדע צוויי טויזנט יאר ביז צו די נביאים. זיי ווילן צוריקגיין ווייטער, פיר צי פינף טויזנט יאר ווייטער, טאקע ביז צום סאמע שורש, ביז צו דער "ריינער סעמיטישער ראסע".

מיינען מיר דערמיט, חלילה, נישט צו אידענטיפיצירן. ווייסן מיר וואויל, אז דער רוב מנין ובנין אין מדינת-ישראל מיט דער מלוכה בראש, וואלטן געוואלט פטור ווערן פון די כנענים גיכער היינט, ווי מארגן. אבער פונדעסטוועגן טאר מען זיך נישט פארשליסן פאר דעם פאקט, אז דער חילוק אין די דערמאנטע טענדענצן איז נאר א חילוק אין דער מדרגה און אז דער חטא פון די כנענים באשטייט דערהויפט אין דעם, וואס זיי זענען א שפור קאנסעקווענטער. עס איז א משוגענע קאנסעקווענץ, א קאנסעקווענץ, וואס האט זיי פארפירט און צוגעפירט אזש ביז צום בעל און צו דער אשרה. אבער אזעלכס הענגט נישט אין דער לופטן און איז נישט פלוצים אראפגעפאלן פון הימל. פארן קלענסטן בלימל מוז פארהאנען זיין א באדן, אויף דערויף

צו וואקסן און אפילו קראפעווע וואלט אן א באדן נישט געקענט געדייען און זיך מערן, טאקע ווי "קראפעווע", א חוץ אויב מען וואלט זי אויסגעריסן בייצייטנס און — מיטן שורש.

איז די משוגענע טעאריע פון די כנענים אפשר נאר דער פועל־יוצא פון דעם, וואס מען האט פריער, שוין א סך פריער פארזייעט. מחמת ווי גרוים איז דער חילוק צווישן דער בענקשאפט פון די כנענים צום סירישן בעל און שאול טשערניכאווסקי'ס בענקשאפט און בוקן־זיך צו דעם גריכישן אפולון?

פראקטיש האט די טענדענץ זיך צוצוקניפן צו דער ביבלישער פארגאנגענהייט בכלל נישט קיין באדייטונג און אויף דער פראגע, וואס עס קען דערפון ארויסקומען בפועל־ממש, ענטפערט א. שולמאן אליין מיט א קשיא און טרעפט דערמיט אין סאמע הארץ פון דעם פראבלעם. ער פרעגט פשוט, צי קען עמיצער דעפינירן, וואס עס הייסט ביבלישע יידישקייט און ער פירט אוים, וואס דער פועל־יוצא וואלט געווען, אויב עס וואלט זיך אפילו יא געפינען אזא דעפיניציע און זי וואלט זיך אנגעפילט מיט דעם "סענטימענטאלן אבער נישט רעאלן בענקען נאכן ביבלישן עבר".

"צי קאן א פאלק" פרעגט שולמאן, "זיך אומקערן צו א קולטור (און צו א ציוויליזאציע), פון מער ווי צוויי טויזנט יאר צוריק? דער ראמאנטישער שלייער, וואס ליגט אין דער תנ"כישער פארגאנגענהייט איז נישט געגוג, זי ווידער לעבעדיק צו מאכן. איז דען פאראן עמיצער אין ישראל, וואס זאל בענקען נאך דער פיזישער, דעספאטישער הערשאפט פון א שלמה המלך אדער וואס זאל פרעדיקן א צוריקקער צו א פרימיטיווער פאסטוכער־ און פויערים־געזעלשאפט, פון די צייטן פון די בית־המקדשן? זיכער נישט. און די בענקשאפט נאך דער "גלאררייכער" פארגאנגענהייט פון אמאל (וואס איז נישט שטענדיק געווען אזוי גלאררייך) איז נישט מער ווי א דיכטערשע מעטאפארע.

דאס איינציקע געביט, וואו די אמאליקע פארגאנגענהייט קאן אויפגעלעבט ווערן, איז דאס געביט פון פאלקלאר און טראדיציע.

אבער אונדזער גלותדיקע קולטור האט זיך קיינמאל פון דער דאזיקער טראדיציע נישט אפגעזאגט. די גאנצע יידישע שעפערישקייט פון די לעצטע צוויי טויזנט יאר איז שטענדיק געווען אדורכגעדרונגען מיט איר און דאס איז טאקע געווען איינער פון אירע אמייסטן לעבעדיקע שטריכן.

קולטור קען נישט עקזיסטירן אן א טיפער פארווארצלונג אין נעכטן. די טראדיציאנאלע און פאלקסטימלעכע קולטור פון דער מזרח־אייראפעאישער עפאכע האט געוואוסט דערפון און דערפאר האט זי געהאט אין זיך אזוי פיל וויטאלישקייט און אמת. פארשטייט זיך, אז די קולטור אין דער ישראלדיקער מדינה וועט מוזן זיין אדורכגעדרונגען אויך מיט די טראדיציאנאלע אייגנשאפטן פון אונדזער גאר וויטן אמאל. אבער קיין צוריקקער צום עבר איז עס נישט".

איז דאס געזאגט געווארן מכוח זוכן פארבינדונגען מיט דעם "גאר וויטן אמאל".

עס האבן זיך אבער אויך געפונען געוויסע, מער געמעסיקטע העבראאיסטישע קרייזן, וואס האבן פארשטאנען, אז מיט דעם צוריקגיין צום תנ"ך און מיט דעם צובינדן זיך צו די נביאים איז מען נישט מעיד, אויף אן ערנסטן אופן, דעם שלשלת־היוחסין פון איווריט ווי א לעבעדיקער שפראך.

האבן זי אנגעוויזן, אז ס'איז דווקא יא געווען א המשך, א בפירושער המשך פון העברעאיש אין גלות, דהיינו, אין דער שפאניש־יידישער תקופה און אין דער מאדערנער העברעאישער ליטעראטור, אנהויבנדיק זיך מער וויניקער מיט מ. ח. לוצאטא.

מוז מען דערמיט מסכים זיין. עס איז אמת, אז דער אומשטאנד, וואס לשון־קודש און יידיש־אראמיש האבן אויפגעהערט און האבן געדארפט אויפהערן ווי גערעדטע שפראכן, אז דער דאזיקער אומשטאנד האט נישט מעכב געווען זייער קרעאטיוון כוח. עס האבן זיך נישט אויפגעהערט די ליטערארישע שאפונגען אין די דאזיקע לשונות. דאס שטענדיקע עוסק זיין אין לערנען, די שטענדיקע השפעה פון די כתבי־קודש, וואס מיט זיי איז דורכגענומען דאס לעבן און טראכטן פון דעם פאלק און בפרט פון די לומדים, האבן גורם געווען דעם המשך פון שאפונגען אויך אין די מאדערנע עפאכעס. עס זענען כמובן דערביי

אויך געשאפן און אריינגענומען געווארן נייע ווערטער און אידיאמען, אין הסכם מיט דער נייער עפאכע. דאס איז אויך דער זין פון דעם כלל אין דער גמרא, אז "לשון תורה לעצמה, לשון חכמים לעצמם". אבער דערביי איז מען פארגעגאנגען מיט יראת־הכבוד פאר און אין ענגען שייכות מיט דעם לשון פון דער תורה און פון די הייליקע מקורים און — זייער בצמצומדיק. בכל־אופן אבער איז דער המשך אין די מאדערנע עפאכעס, ווי מיר האבן שוין פריער אויסגעפירט, געווען נאר דער המשך, ווי א שריפטשפראך, א שפראך פאר אינטעלעקטועלע שיכטן, פאר געלערנטע און תלמידי־חכמים.

פראפ. ה ע ש ל באטאנט אין זיין שוין דערמאנטער שריפט, הגם אין אן אנדערן שייכות, אז "דעם שפאניש ספרדישן יידנטום האט אפט געפעלט פאלקסטימלעכקייט. די קולטור ביי די ספרדים איז געקומען 'פון אויבן'... יידישע חכמים זענען פארטאן דער עיקר אין וויסנשאפט, זייערע ספרים זיינען אפט באשטימט פאר יחידים. זייער יידישקייט איז אריסטאקראטיש. זיי שרייבן אפט שירים אין אן עברי, וואס איז אזוי געקניפט און געבונדן אז נאר לומדים קענען זיי פארשטיין".

דאס ווייזט, אז דער אויפבלי פון א לשון־קודשדיקער ליטעראטור אין דער שפאניש־יידישער עפאכע און דער אויפבלי פון דער מאדערנער העברעאישער ליטעראטור מיט מ. ח. ל ו צ א ט א בראש, מיינט לחלוטין נישט דעם המשך פון העברעאיש, ווי א פאלקסשפראך, א לעבעדיקע, א גערעדטע שפראך.

א והא ראיה: שפאנישע יידן האבן זיך בשעת־מעשה געשאפן זייער אייגן יידיש לשון און האבן זיך באנוצט אין דער גלייכער צייט און פאראלעל צו דער בלי־צייט פון דער העברעאישער ליטעראטור מיט שפאניאליש, מיט זייער "כודעא", דאס הייסט מיט יידיש, מיט וועלכען זיי באנוצן זיך נאך עד־היום־הזה.

מיר ווידער האבן געמעגט לייענען דעם "הצפירה" אדער דעם "הצופה", אבער גערעדט האבן מיר יידיש.

מיר האבן זיך, פונקט ווי די שפאנישע יידן און פונקט ווי די יידן אויף דער גארער וועלט און אין אלע צייטן פון זייער גלות־געשיכטע, געהאלטן ביי אונדזערע יידישע לשונות.

דער דאזיקער פאקט, דער דאזיקער "אויפקום" פון יידישע שפראכן אין גלות און די אידענטישע גרונטגעזעצן, לויט וועלכע דאס איז געשען, ברענגען אגב ארויף אויף דער מחשבה אן אנדערן געדאנק, וואס מיר טארן אים דא אפשר נישט אינגאנצן איבערזען.

דער שרייבער פון די דאזיקע שורות האט שוין אין אן אנדערער ארבעט וועגן דעם יידישן שפראך־פראבלעם אנגעוויזן דערויף, אז דאס יידישע פאלק האט נאך פון אבות־אבותנו און אפילו פאר דעם חורבן בית־שני, דאס הייסט, נאך אין דער צייט פון זיין אייגענעם שטאט, פארמאגט צוויי שפראכן.

און ער האט דארט ווייטער אויסגעפירט, אז "אפשר אפילו האט אזא שפראך־סיטואציע ביי אונדז דווקא צו טון מיט דעם באַזונדערן יידישן פאלקס־כאראקטער, וואס שטענדיק זוכט ער הבדלות, פארלאנגט ער חילוקים, פאדערט ער עטישע אונטערשיידונגען. ער מאכט הבדלות בין קדש לחול, בין אור לחושך, בין ישראל לעמים, בין יום השביעי לששת ימי המעשה. ער מאכט הבדלות צווישן כשר און טריף, צווישן טומאה און קדושה, צווישן גוט און שלעכט. דווקא אין דעם ווייזט זיך ארויס דער מאראלישער כאראקטער און די עטישע געניאַליטעט פון דעם יידישן פאלק. איז אפשר פירט ער אויך דורך די דאזיקע הבדלה אויף דעם געביט פון לשון, צעטיילנדיק אים אין א וואכעדיקער און אין א שבתדיקער, א הייליקער שפראך. אזא השגה איז זיכער אין הסכם מיט די עטיש־רעליגיעזע יסודות פון יהודת".

בכל־אופן און נישט אריינלאזנדיק זיך ווייטער אין קיין מיסטישער לינגוויסטיק, הגם נאך אלעמען, וואס מיר האבן אויסגעפירט אין אונדזער שריפט מכוח דער פארהייליקונג פון אונדזערע געשטאַרבענע און "אונשטערבליכע" לשונות, וואלט דאס געהאט זיין טיפע באַרעכטיקונג, בלייבט עס א חידוש, אז אונדזערע אמוראים, וואס זענען געווען לכל־הפחות אזוינע גוטע יידן, ווי די היינטיקע ישראלים אין מדינת־ישראל און וואס דערצו זענען זיי צייטלעך און גייסטיק געשטאַנען א סך נענטער צו לשון־קודש, האבן זיך ווייניק וואס געדארט די מוחות וועגן רעדן, צי שרייבן לשון־קודש און האבן דווקא געשאַפן

זייער פונדאמענטאלע ווערק אין יידיש, דאס מיינט, אין יידיש-אראמיש.

דאס מוז דאך האבן זיין באטייט. מען קען דאך נישט אננעמען, אז אונדזערע חכמים, וואס האבן אזוי שטארק מדקדק געווען אויף יעדן פרט פון יידישן לעבן און יידישער עטיק, זאלן האבן פארבויגן אזא חשובן ענין, ווי לשון-קודש. מוז מען אננעמען, אז דאס איז געשען בכיוון און אפשר צוליב די טעמים, וואס כ׳האב מיר מתיר געווען אויף זיי מרמז צו זיין ווי א סברא, ווי א היפאטעזע און וואס געלערנ־טערע פון מיר וועלן אפשר קענען מחזק זיין מיט א ראיה-לדבר.

אבער עס בלייבט א פאקט און אן אינטערעסאנטער פאקט, אז אונדזערע חכמים, אונדזערע גרויסע און אמתע בעלי-מסורה אין שייכות מיט יידישן תוכן, מיט יידישע מידות און מנהגים, זענען אין דעם פרט פון שפראך דווקא נישט געווען קיין טראדיציאנאליסטן, בעת אלע אונדזערע היינטיקע פראגרעסיווע, צי אפילו רעוואלוציא־נערע שיטות זענען בנוגע לשון נישט נאר טראדיציאנאל, נאר ממש רעאקציאנער און פאנאטיש רעאקציאנער דערצו.

עס איז כאראקטעריסטיש, אז שוין די ״געבענטשטע השכלה״, אז דאס יידישע אויפקלערעכץ, דער סוף-כל-סוף דעמאסקירטער און היינט אפילו אין וועלטלעכע יידישע קרייזן דערקענטער אפשפעטער און פארשוועכער פון אלץ, וואס איז יידיש און דעריבער אויך פון דער יידישער שפראך, האט זיך דערבײַ, ביי דער מלאכה בזויה, באנוצט מיט העברעאיש. עס איז, זאגן מיר, כאראקטעריסטיש, אז שוין לכתחילה איז העברעאיש, ווי היינט איווריט, געווען די טראמפ־קארט אין קאמף קעגן יידיש און ווי מיר מוזן ליידער צוגעבן — קעגן יידישקייט.

בכל-אופן אבער האט עס א געפעפערטן בייגעשמאק, געהער עס צו דער איראניע פון דער וועלטגעשיכטע, אז די השכלה, ״די ערשטע אסימילאטארישע באוועגונג אונטער דעם מאנטל פון דקדוק״, ווי דר. מ ו ק ד ו נ י האט דא אנומלט טרעפלעך באצייכנט דעם טייערן תכשיט, זאל האבן געפרואווט מקיים צו זיין אירע אסימילא־טארישע טענדענצן דווקא מיט דער הילף פון העברעאיש. משכילים,

וואס האבן דאך בפירוש מכוון געווען, מדחה צו זיין די מסורה, צו ברעכן מיט מנהגים, צו פארוואָרפן די פארגאנגענהייט און צו טרעטן אויף טראדיציע, זיי זענען אויפן לינגוויסטישן געביט דווקא געווען טראדיציאנאליסטן, דאס הייסט, פארעקשנטע העבראאיסטן.

נאך ווייניקער צו פארשטיין און כמעט קאמיש, צי אפילו גראטעסק איז די שטעלונג לגבי שפראך ביי אונדזערע אזוי גערופענע עקסטרעם פראגרעסיווע, צי אפילו רעוואלוציאנערע שיטות אין מדינת־ישראל, ביי די פאטענטירטע אפיקורסים, די אטעאיסטישע קאמוניסטן פון דער יידישער גזע. דא האנדלט זיך דאך וועגן מענטשן, וואס האבן אין אלע איבעריקע פרטים געבראכן מיט יידישע דינים און מנהגים און וואס זייער אידעאלאגיע איז, צו ברעכן אפילו מיט די ביז אהער גילטיקע סאציאלע דינים און קולטורעלע מנהגים פון דער וועלט. מיט וואס זאל מען עס פארענטפערן, אז אויפן פעלד פון שפראך זענען זיי אויך פלוצים געווארן רעאקציאנער, ווילן זיי נישט מער פראגרעסירן, נאר אדרבה רעגרעסירן און דווקא צו לשון־קודש, צו דעם לשון פון תנ״ך און האבן צוליב דעם געמאכט, אזוי צו זאגן, א לינגוויסטישע קאנטער־רעוואלוציע קעגן יידיש.

פאר זיי, וואס דערווארטן זיך די באפרייאונג, דאס גליק און די גאולה פון פעלקער און קלאסן ערשט דורך דער באפרייאונג פון דער גאנצער מענטשהייט, פאר יענע געבוירענע אוטאפיסטן און אכזריותדיקע וועלט־באגליקערס וואלט דאך זיכער א סך גיכער געפאסט עפעס אן אוטאפיסטישע שפראך, א מין מענטשהייט־שפראך ווי, למשל, דער שוידערלעכער עספעראנטא.

די דאזיקע קינצלעכע ווארט־קאנסטרוקציע, דער מין לינגוויס־טישער קאלעקטיוו, אן אינטערנאציאנאלע שפראך־מאשין אן א היס־טאריע, אן א המשך, אן טראדיציעס און אן א נשמה וואלט דאך ממש געווען דאס אידעאלע לשון פאר דעם מאשין־מענטש, דעם קאלעקטיוו־מענטש, דעם ראבאט, דעם גולם. אבער ניין, נישט עספע־ראנטא, נישט יידיש, נאר כאלו כפאם שד, דווקא איווריט!

נו, און טאקע סתם יידישע סאציאליסטן, יידיש־נאציאנאלע סאציאליסטן, אונדזערע פועלי־ציון, וואס זענען אויך נישט דווקא קיין איבעריקע מחותנים מיט תורה־יידישקייט און וואס ביי זיי איז יידיש

נאך נעכטן געווען, להבדיל, א גאט און אויפן קולטורעלן געביט
כמעט זייער איינציקער גאט, מיט וואס זענען זיי מצדיק זייער מיאוסן
און טכוירישן פאַראַט קעגן יידיש און דעם בחפזונדיקן ויברח צו
איווריט? פאַרוואָס עפּעס ביי זיי אויך דווקא איווריט און נישט די
פאָלקסשפּראַך, די שפּראַך פון די "ברייטע מאַסן"? פאַרוואָס ביי זיי,
אויב שוין נישט יידיש לשמה, לכל־הפחות יידיש צוליב א מין שפּראַכ־
לעכער רעוואָלוציע קעגן דער אַמאָליקער "העברעאישער בורזשואַזיע",
דער "למדנישער גייסט־אַריסטאָקראַטיע" — א קשיא אויף א מעשה —
וואָס לאָזט זיך נישט אויסטייטשן מיט היסטאָרישן מאַטעריאַליזם
און מיט מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק, בפרט — אחר־המעשה?

אגב האָט מען זיך אין יענע קרייזן, בשעתם, טאַקע בפירוש
באַנוצט מיט די דאָזיקע אַרגומענטן, כדי חלילה נישט צו פאַרענטפערן
דעם געברויך פון יידיש פּשוט מיט יידישקייט, נאָר דווקא מיט
אַלגעמיין מענטשלעכע, צי סאָציאַליסטישע טעמים. אויף דעם גלייכן
אופן סטאַרעט מען זיך אויך, למשל, אויסצוטייטשן חסידות — כאַסידיזם
בלע"ז — מיט עקאָנאָמישע מאָטיוון, מיט די באַקאַנטע "עקאָנאָמישע
באַדינגונגען", דעם אייביקן דיבוק פון מאַטעריאַליסטישע היסטאָריקערס.

טענהט מען איצט ביי די פּועלי־ציון און פּרוּווט זיך דערמיט
צו פאַרענטפערן, בכן, פון איווריט דאַרף אויך אַמאָל ווערן א פאָלקס־
שפּראַך. אויב אַזוי, איז וואו בלייבט דער סאָציאַליסטישער און בפרט
דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּרינציפּ פון דעם רוב, דער מאַיאָריטעט
פון דעם פאָלק איצט? דער באַגריף מאַיאָריטעט שליסט דאָך
שטענדיק איין אין זיך דעם באַגריף איצט. מחמת אויב עס "דאַרף
ערשט ווערן", דאָס הייסט, אויב מען דאַרף ערשט "שאַפן" א מאַיאָ־
ריטעט, דריקט דאָך לעת־עתה די מינאָריטעט אַרויף איר ווילן אויף
דעם באַשטייענדיקן רוב און — פאַרגוואַלדיקט אים. דאָס איז דאָך
בפירושער קאָמוניזם, צי פאַשיזם, צי נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם, אָבער
באין־אופן נישט קיין סאָציאַליזם, נישט די כשרע סאָציאַל־דעמאָקראַ־
טישע אידעאָלאָגיע.

אגב גייט דאָס, וואָס איז דאָ געזאָגט געוואָרן, נישט דווקא
אַרויף אויף דער יידיש־נאַציאָנאַלער, סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַ־
וועגונג אין מדינת־ישראל, נאָר צו א גרויסן טייל אויך אויף אונדזערע

פועלי־ציון דא, אין גלות, אין אמעריקע, מיט זייער גרויסער יידישיסטישער פארגאנגענהייט.

לפנים און מיטן האלבן מויל שטעלן זיי זיך נאך כלומרשט איין פאר יידיש, פאר דער קולטור־טעטיקייט פון יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, אבער עס האלט אויך דא שוין ביי נעילה.

אט האט ערשט נישט לאנג זייערער א פראמינענטער חבר, האט דער באוואוסטער יידישער דיכטער און פובליציסט אפרים אויערבאך, אין שייכות מיט דער "יובל־קאנווענשן" פון דער אמעריקאנער פועלי־ציון, מיט באדויערן פעסטגעשטעלט, אז נאך יענער אסיפה איז אים געבליבן דער ביטערער נאך־טעם, אז "נאך א פעסטונג פון יידיש איז געפאלן"... און ער איז מודה, אז "א גאנצער בנין האט זיך ביי מיר צעשאקלט"...

אבער די יידישע זשורנאליסטיק און די יידישע פרעסע, פון וועלכע אויערבאך איז א חשובער עקספאנענט, מאכן דאך אליין מיט דעם טאנץ ארום דעם העברעאישן עגל און שניידן זיך, מיט זייער אומגעלומפערטער שפראך־פאליטיק, אליין אפ דעם צווייג, אויף וועלכען זיי זיצן. אויף איין זייט האלט מען זיך אין איין באקלאגן, אז די יידיש־לייענערס ווערן אויסגערונען און אויף דער אנדערער זייט מאכט מען פראפאגאנדע פאר דער פארשפרייטונג פון איווריט אין גלות. געהערן זיי דאך, במחילה, אליין צו יענע, וואס צעשאקלען דעם יידישן בנין.

יא, צוליב וועלכען פרינציפ זענען זיי אלע היינט העברעאיש אריענטירט?

צוליב די הייליקע ספרים, וואס זענען געשריבן געווארן אויף לשון־קודש? צוליב דעם, וואס דאס איז אמאל, מיט טויזנטער יארן צוריק, געווען די יידישע שפראך און זיי ווילן בלייבן געטריי דער יידישער מסורה? איז, פארוואס בלויז געטריישאפט צום לשון? געטריישאפט צום לבוש? און פארוואס נישט געטריישאפט צו די הויכע און הייליקע געדאנקען, וואס זענען אריינגעטאן געווארן אין יענעם לבוש? פארוואס נישט געטריישאפט צו דער אמונה, וואס איז דווקא נישט איבערגעריסן געווארן און האט זיך דערהאלטן ביז צום היינטיקן טאג? פארוואס נישט געטריישאפט צו די אנדערע אלטע אינסטי־

טוציעס, צו יידישע ימים-טובים, יידישע דינים ומנהגים וכדומה? אזוינע חכמים און פילאסאפן זענען זיי, אז זיי האבן זיך דורכגעטראכט אזש ביז צו די אלע נעגאציעס און האבן סוף-כל-סוף נאר געפונען איין זאך, וואס זאל ווערט זיין זייער אינטערעס, געפונען נאר איוורית?

עס איז נישט געווען אונדזער כוונה, אז די אלע פראגען, וואס זענען אקארשט געשטעלט געווארן, זאלן אויך אויפן ארט פארענטפערט ווערן, א חוץ אויב דער חשובער לייענער זאל זיך דערויף אליין מאכן דעם פירוש.

מיר האבן נאר געהאט בדעה צו ווייזן, ווי די פארשידנסטע כוחות, פארטייען און טענדענצן, הגם ס'רוב מאל שטייען זיי אין א פולער סתירה איינע מיט דער צווייטער, זענען זיך אלע איניק אין זייער בשותפותדיקן אנטאגאניזם קעגן יידיש. די מאטיוון פאר דער דאזיקער בשותפותדיקער אפנייגונג האבן אבער לכל-הפחות איין צד השוה שבהם.

אלע שונאי-יידיש זענען זיך איניק אין זייער אפנייגונג, אין זייער שנאה צום מיאוסן גלות און צו אלץ, וואס איז פארבונדן מיטן מיאוסן גלות. און פונקט אזוי, ווי די השכלה האט זיך באנוצט מיט לשון-קודש "אונטער דעם מאנטל פון דקדוק" אין איר קאמף קעגן יידישקייט און יידיש, פונקט אזוי איז די היינטיקע פאפולאריטעט פון איווריט, אין א סך פאלן, נישט מער ווי א ראפינירטער קאמופלאזש, א כיטרע פארמאסקירונג אין קאמף קעגן יידישקייט און יידיש.

עס איז, ווי איך האב אויסגעפירט אין מיין דא שוין דערמאנטן עסיי "פאנעטישער אנטי-יידישיזם":

"...נישט דאס יידישע ווארט גופא איז פאר זיי מיאוס, נאר וואס מען איז זיך משער אונטער דעם ווארט, אט דאס פארמיאוסט זיי דאס יידיש לשון. ס'איז זייער אומחן קעגן דעם אמתן, עכטן, דעם פראסטן ייד, קעגן דעם פארמאטערטן גלות-ייד, וואס האט געטריי געטראגן זיין שווערן יידישן עול און איז פארט געווען בכוח צו שאפן פון זיך אליין אן אייגענע, אינדיווידועלע, שיינע, שטארקע און מעכטיקע קולטור, וואס רעדט ארויס פון אלע טענות זייערע".

נאר דעמאלט, אין 1945, האב איך נאך געצייגערט ארוים־צוזאגן מיין חשד אינגאנצן און האב פארענדיקט יענעם אפזאץ בתמיה און מיט אן ״אפשר״:

״אפשר אפילו ווילן זיי פטור ווערן פון אים, דווקא מחמת ער איז צו אייגן, צו יידיש, צו דורכגעווייקט מיט יידישקייט״...

היינט איז שוין מכוח דעם קיין ספק מער נישט מעגלעך. היינט איז די שנאה צום גלות אן אפענער סוד, היינט איז דאס שוין א פעסטער פאליטישער פראגראם, א פיקסירטער פונקט אין דער ״קולטור״־פאליטיק פון מדינת־ישראל.

נאר אפשר זענען מיר דעם גרענעץ, דהיינו, שנאה צום גלות און בטול לגבי דעם גלות און לגבי אלץ, וואס איז דערמיט פארבונדן, היינט אויך שוין אריבער. אויב דאס זאל נאך בכלל זיין מעגלעך, אויב מען קען נאך דערגרייכן א העכערע, דאס מיינט, א טיפערע מדרגה, מער באליידיקנדיק ווי בטול און מבוזהדיקער ווי שנאה, האבן מיר זי, ב״ה, אויך שוין דערגרייכט. פריינט האבן גלות איז היינט שוין כמעט א כבוד פאר אונדז. היינט האט מען זיך שוין אנגעהויבן שעמען מיטן גלות, מען נעמט מיט אים שוין איין בושות. היינט שעמט מען זיך שוין אים בכלל צו דערמאנען, צו נעמען זיין טריפענעם נאמען אין מויל אריין. היינט רעדט מען וועגן אים, כמובן לויט אן אנווייזונג פון די דארטיקע ״קולטור״־דיריגענטן, לשון סגי־נהור. היינט האט מען אים משנה־שם געווען, מען האט אים איווריטיש אסימילירט און ער הייסט איצט — פא עלעגאנצקא — תפוצות, טעפוצאט, מיט דער ספרדישער הברה.

איז דאס גאנץ אין הסכם מיט דער הערשנדיקער טענדענץ, וואס האט א מוראדיקע ענלעכקייט מיט די אמאליקע טענדענצן פון דער השכלה, דהיינו, צו ווערן ״א פאלק מיט פעלקער גלייך״. מיט איווריט זענט איר אבער, להבדיל, פונקט ווי איינער פון זיי. מיט איווריט דארפט איר אייך לחלוטין נישט באהאלטן און נישט שעמען. איר מעגט פארן מיטן סאבוויי אין ניו יארק, אין דער פאריזער מעטרא, צי אויף דער אנדערגראונד אין לאנדאן און האקן איווריט, מיט דער האווארא ספארדיט — און קיין ייד און קיין גוי זאל זיך נישט כאפן, אז איר זענט מאנשי שלומנו, אז איר זענט, במחילה, א פארשיווע

זשיד. מען וועט מיינען, אז איר רעדט טערקיש, צי טאטעריש.

אבער אז איר רעדט יידיש, וועט מען אייך באלד דערקענען, פעטער, וועט מען אייך תיכף דערשמעקן. וועט מען אייך דערקענען אין אייער יידישן קרעכץ און אין אייער יידישן שמייכל, אין יעדער תנועה און האווייע, וואס קלינגט און שיינט ארויס פון אייך מיט דעם כאראקטעריסטישן קלאנג און דער נישט פארשטעלטער שיין פון דער יידישער נשמה. יידיש קען מען נישט רעדן מיט קיין איירא־פעאיש־פארשטארט פנים, מיט קיין צוגעשפיצט מיילעכל. אז מען רעדט יידיש, לעבט דאס פנים, לעבן די הענט, לעבט דער גאנצער גוף. מחמת יידיש איז נישט בלויז א גערעדטע שפראך, זי איז פאר אלעמען א געלעבטע שפראך. יידיש איז א שפראך מיט א לאנגער, לעבעדיקער, נישט איבערגעריסענער פארגאנגענהייט, וואס אנטהאלט אלע אוצרות פון דער צייטיק געווארענער, גאנצער יידישער נשמה. יידיש האט א פארגאנגענהייט, וואס גרייכט אריין אין סאמע הארץ פון דער קעגנווארט און ווארפט איר שיין פארויס, צו באלויכטן דעם וועג פון דער צוקונפט.

נאר לאמיר הערן, וואס דער אפט ציטירטער א. שולמאן האט צו זאגן וועגן דער "קולטור"־פאליטיק פון מדינת־ישראל:

"די דאזיקע טענדענץ צו איגנארירן און אראפצודריקן אין דער ספערע פון פארגעסנהייט א גאנצע — און די אמייסטן פרוכטבארע — תקופה פון יידישער גייסטיקייט איז איינער פון די הויפטשטריכן, וואס כאראקטעריזירן דעם איצטיגן פעריאד אין ישראל. אין קורצן וואלט מען די דאזיקע טענדענצן געקאנט פארמולירן אזוי:

דער גלות איז געווען א מיאוסער אפשניט אין אונדזער געשיכטע. די יידישע פסיכיק אין דער זעלבסטשטענדיקער מלוכה דארף זיך באפרייען נישט בלויז פון נעגאטיווע נאכווייענישן פון גלות, נאר אויך פון דעם גוטן און דערהויבענעם, וואס דער גלות האט אריינ־געבראכט. מען גיסט אויס דאס וואסער צוזאמען מיטן קינד. און די רעגירער פון ישראל זענען איבערגעטריבן קאנסעקווענט אין זייער ארבעט פון "ליקווידירן" די גלות־שטריכן. ווען סע וואלט געווען אפהענגיק בלויז פון זייער ווילן, וואלט די פאלקסטימלעך־טראדיצ־יאנעלע יידישקייט, וואס איז איצט זייער שטארק צוליב דעם גרויסן

אנקום פון מזרח-אייראפעאישע עולים, פולשטענדיק אפגעווישט גע-
ווארן״.

און ער זאגט ווייטער:

״ישראל האט אויסגעקליבן דעם וועג פון א העברעאישער קולטור. די אנהענגער פון דאזיקן וועג האבן דערביי פארשטאנען דעם העברעאיזם נישט בלויז אלס כלי, אין וועלכער ס׳האט געזאלט איבערגעגאסן ווערן דער גאנצער סכום פון אונדזערע גייסטיקע ווערטן. זיי האבן די כלי אויסגעכשרט און אויסגעשייערט פון יעדן שפרענקעלע יידיש און האבן זיך געשטעלט די אויפגאבע אויך להבא נישט ארייננצולאזן קיין כזית פון גלותדיק-יידישן ״חמץ״. עס איז אזוי ארויסגעקומען א דיספראפארץ, וואס ווארפט זיך אין די אויגן. דער העברעאישער אינהאלט קאן נישט אויספילן די ווענט פון א כלי, פון וועלכער עס איז פארבראקירט געווארן אזא שפע מיט יידישער גייסטיקייט. דער דאזיקער וואקואום וועט אבער מוזן אויסגעפילט ווערן און ער ווערט טאקע אויסגעפילט — מיט אן אינהאלט, וואס איז נישט נאענט דער יידישער מענטאליטעט״.

איז דאס נישט געזאגט געווארן גלאט אין דער וועלט אריין, נאך אן אויבנאויפיקן קוק און לויט סוביעקטיווע אימפרעסיעס. א. שולמאן פארשטייט, אז פאר אזא סברא דארף מען ברענגען באַ-ווייזן, בפירושע ראיות, הארטע, מאטעריעלע פאקטן. אט האט איר אייניקע פאקטן:

אין די ביכער-געשעפטן פון תל-אביב, חיפה און ירושלים קאן מען באקומען צענדלינגער העברעאישע איבערזעצונגען פון דער אייראפעאישער ליטעראטור (אפטמאל זענען דאס איבערזעצונגען פון שונד-ביכער). א ישראלדיקער סאברע ווייסט פיל מער וועגן דאסטא-יעווסקין און גאלסווארטין, ווי וועגן אזעלכע יידישע שרייבער ווי פערלע, זינגער און אפאטאשו. אין די ישראל-דיקע טעאטערס ווערן געשפילט — א חוץ א פאר פיעסן פון העברע-אישע שרייבער — מייסטנטייל קאמעדיעס און דראמעס פון פראצוויזישן און ענגלישן רעפערטואר. דאס טעאטער אין ישראל — ווי ס׳האט זיך אויסגעדריקט א בארימטער יידישער אקטיאר — איז נישט קיין יידיש טעאטער אויף לשון-קודש, נאר א גויאיש טעאטער אויף

העברעאיש. אין די שול־ביכער פון וועלכע תלמידים לערנען זיך געשיכטע, ווערט די ייִדישע געשיכטע פון די לעצטע צוויי טויזנט יאר און איבערהויפּט פון דער גאלדענער תקופה אין מזרח־אייראָפּע איבערגעגעבן זייער בצמצומדיק, אָן דער אָביעקטיוויטעט (שוין נישט רעדנדיק וועגן באגייסטערונג), וואס די דאָזיקע עפּאָכע פאַרדינט. קורץ, לאַקאָניש און זייער קאָנדענסירט ווערט דער ייִדישער תלמיד אינפאָרמירט, אַז די ייִדן האָבן אין אַלע צושפּרייטקייטן פון גלות געליטן פון אַנטיסעמיטיזם און פון גזירות".

און דאָ פאַרלירט אַפילו דער אָביעקטיווער א. שולמאַן זיין געדולד און עס שרייט אַרויס פון זיין באַליידיקט און צעוויטיקט ייִדיש האַרץ:

"אַ שיינע השגה וועט דער צוקונפטיקער ישראל־ייִד האָבן פון אונדזער קדוש־השם, פון דעם מסירת־נפש ביים אויפהאַלטן אונדזער ייִדיש לעבן און קולטור במשך פון די לעצטע הונדערטער יאָרן".

נאָר אַפשר נויטיקט זיך כלפּי די דאָזיקע באַריכטן און שיל־דערונגען, וואָס לא יאָמן כי יספּר, נאָך אָן עדות. אַפשר דאַרף מען לויט דעם אַלטן ביבלישן געבאָט "על פּי שנים עדים יקום דבר", אַ צווייטן עדות, וואָס זאָל באַשטעטיקן דעם ערשטן.

איז לעצטנס אויפגעטרעטן אַזאַ עדות אין דער פּערזאָן פון דעם באַוואוסטן ייִדישן און העברעאישן שריפטשטעלער, דראַמאַטורג, ראָמאַן־שרייבער און עסעאיסט ה. סעקלער. סעקלער, דווקא אַן אַנגעזעענער ציוניסט, נאָך פון דער "אַלטער גאַרדע", האָט נישט לאַנג צוריק פאַרעפנטלעכט אין דער יובל־אויסגאַבע פון דער העב־רעאישער וואָכנשריפט "הדואר" אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער נעמט שטעלונג צו דער הערשנדיקער שיטה אין מדינת־ישראל מיט אַ שאַרפקייט, וואָס אַן אַלטן און איבערגעגעבענעם ציוניסט מוז מען דאָס אָנרעכענען ווי אַ טאָפּלטן זכות.

אין דער פאָרם פון אַ בריוו צו זיין זיידן, אויך אַן אַמאָליקן הייסן ציוניסט, וועלכער איז אָבער שוין אויף דעם עולם־האמת, באַהאַנדלט דער אַרטיקל דעם שטאָלצן ציוניסטישן חלום פון אַמאָל

און די רעאליזירונג פון דעם דאזיקן חלום היינט, יענע רעאליזירונג, וואס גייט אונדז דא פאר אלעמען אן.

אינטערעסאנט איז, אז דער ניו יארקער „פארווערטס" האט דורך דער פעדער פון זיין ארויסגעבער הלל ר א ג א ף געבראכט א לענגערע אפהאנדלונג וועגן דעם דאזיקן ארטיקל, א סימן, אז אפילו אונדזערע אזוי גערופענע פראגרעסיווע און „פרייע" יידן זענען אויפ־גערעגט און אויפגערודערט וועגן דעם קאטאסטראפאלן מצב פון יידיש־קייט אין מדינת־ישראל. ר א ג א ף איז מודה, אז דער ארטיקל האט אויף אים געמאכט א טיפן איינדרוק. ער באדויערט אפילו — און מיט רעכט — וואס דער ארטיקל איז נישט געשריבן געווארן אויף יידיש און איז נישט געווען אפגעדרוקט אין א יידישער צייטונג, כדי אזוי ארום צו דערגיין צו א ברייטערן יידישן פובליקום, מחמת ער האלט, אז אלע יידן „וועמען ישראל איז טייער און וועמען דאס יידישע פאלק איז טייער" — און, במובן, וועמען יידישקייט איז טייער — וואלטן זיך געדארפט באקענען מיט ס ע ק ל ע ר ס טענות.

מיר זענען זיך מתיר צו ברענגען דא אייניקע פון די שטעלן, וואס דער ארויסגעבער פון „פארווערטס" האט געהאלטן פאר ריכטיק און פאר זיין פליכט, דערמיט צו באקענען זיינע לייענער און מיר ציטירן לויט ר א ג א פ ס אויסוואל און איבערזעצונג:

„...א סך פון זיי שטעלן העכער די פאר יאר פון דער נייער מדינה איבער די טויזנטער יארן פון פריער. זיי רעדן מיט פאראכטונג וועגן דעם גלות, אזוי ווי פאר דער אנטשטייאונג פון דער ישראל־מלוכה וואלט קיין יידישע געשיכטע נישט עקזיסטירט... זיי ווילן ניט וויסן פון דער קולטור, וואס די יידן האבן געשאפן אין די צוויי טויזנט יאר פון גלות: אין בבל, אין שפאניע, אין פוילן. זיי ווילן גלויבן, אז קיין גייסטיק לעבן האט ביים יידישן פאלק גאר ניט עקזיסטירט פון דער צייט, וואס יידן זענען פארטריבן געווארן פון זייער לאנד מיט צוויי טויזנט יאר צוריק, ביז זיי זענען צוריקגעקומען קיין ישראל מיט פיר יאר צוריק".

אויס ס ע ק ל ע ר ס ציטאטען פון גויאישע שרייבערס, וואס האבן באזוכט ישראל, איז טראגיש־אינטערעסאנט די מיינונג פון פיליפ ט ו י נ ב י, לויט וועלכן „יידישקייט אין מדינת־ישראל

וועט פאַרשווינדן די נעקסטע הונדערט יאָר״ און אַז ״מיט דעם אונ־טערגאַנג פון ייִדישקייט וועט די וועלט פאַרלירן אַ מענטאַליטעט פון גרויסן ווערט״.

און די ווייטערדיקע ״געוואַגטע ווערטער״ פירט ראַגאַף אײַן מיט דער באַמערקונג, אַז ״בלויז אַן אויסגעפּרובירטער ציוניסט, וואָס האָט זײַן גאַנץ לעבן באַוויזן זײַן טרײַשאַפט און איבערגעגעבנ־הייט צום קאַמף פאַר אַ ייִדישער מדינה און זײַן ליבע צו אַלץ, וואָס איז ייִדיש קען זיך ערלויבן זיי צו זאָגן:

״בלויז פּראַים, וואָס האָבן ניט קיין קולטור, קענען אַנהויבן פון אָנהייב . . . אַ היסטאָריש פאָלק, בפרט אַזאַ פאָלק, ווי אונדזערס, קען זיך דאָס ניט ערלויבן . . . וואָס שייך מיר, וויל איך מודה זײַן, אַז איך געפין ניט קיין געוואַלדיקן אויפטו אין דעם, וואָס אַ מיליאָן ״סתם מענטשן״ האָבן זיך פאַרזאַמלט ערגעץ אויף אַ שטיק ערד אין נאָענטן מזרח און האָבן דאָרט גענומען זייען טאָמייטאָס און בויען שאָסייען און ערוועלן אַ פּאַרלאַמענט . . . עס איז ניטאָ וואָס נתפּעל צו ווערן פון דעם, וואָס די מענטשן רעדן אַ שפּראַך, וואָס איז עטוואָס ענלעך צו דער שפּראַך פון ישעיהו און יהודה הלוי . . . אַנדערש איז אָבער דער ענין, ווען דער מיליאָן אָדער צוויי מיליאָן מענטשן זענען אַ היסטאָרישער טייל, וואָס ציט ווייטער דעם פאָדעם, ניט נאָר פון דער שפּראַך פון די נביאים און פון די ספרדישע דיכטער, נאָר אויך דעם פאָדעם פון זײַן גאַנצער גײַסטיקער ירושה. אַנדערש איז דער ענין, ווען דער מיליאָן אָדער צוויי מיליאָן מענטשן באַטראַכטן זיך ווי אַן אויסדערוויילט פאָלק, וואָס האָט גענומען די תורה אויפן באַרג סיני און איז באַשטימט געוואָרן, צו טראָגן דעם פאַקל און צו באַלײַכטן דעם וועג פאַר דער אויסלייזונג פון דער מענטשהייט״.

איז אפשר שוין בולט פאַר יעדן, אַז אין דעם אַנטאַגאָניזם צווישן ישׂראל און ייִדן האַנדלט זיך נישט בלויז וועגן קלענערע קולטור־דיפערענצן, וועגן סתם שפּראַכלעכן שאָוויניזם און אַנטי־ייִדישיזם אין אַן ענגערן זין, נאָר אַז מיר שטייען דאָ פאַר אַ באַוועגונג קעגן ייִדישקייט, קעגן דעם שורש, דעם תוכן און תכלית פון ייִדישקייט.

מען קען אפילו זאגן בלי־גוזמא און אויב מען האלט אין זינען דעם גענּיאלן געשיכטלעכן אויפטו פון דעם יידישן פאלק, דעם תמצית פון אונדזער היסטארישן שליחות, דהיינו, דעם יידישן, דעם ס ע מ י ־ ט י ש ן מאנאטעאיזם, פאר וועלכען מיר האבן אוועקגעגעבן ימים מיט בלוט און וועלטן מיט טרערן, אז מיר שטייען דא פאר א בפירוש אנטי־יידישער שיטה.

איז דאס אפשר נישט קיין חידוש ביי אונדז. מיר ווייסן וועגן דער עקזיסטענץ פון פסיכאפאטישער יידישער זעלבסט־שנאה א לא ו ו י י נ י נ ג ע ר , דעם יידישן אנטי־סעמיט; אבער מיר ווייסן דערפון נאר אדער ווי פון פאראיינצלטע פאלן, אדער ווי פון גרופעס און כתות, וואס האבן זיך אינגאנצן אפגעריסן פון זייער יידישן שורש און האבן זיך פארוואנדלט אין זעלבסטשטענדיקע נייע סעקטעס.

דא אבער טרעט דער אנטאגאניזם קעגן יידישקייט אויף אונטער א יידישן נאמען, דא וויל מען אויסרייסן די שענסטע בלעטער פון דער יידישער היסטאריע, וויל מען עוקר מן השורש זיין די רייכסטע שפרא־צונגען פון דער יידישער קולטורגעשיכטע און דערביי האט מען נאך די חוצפה צו פראקלאמירן, אז מדינת־ישראל וועט „אויסשטראלן" יידישע קולטור אויף דעם גלות. אבער וואס וועט זיין, וואס זי וועט אויסשטראלן?

ווי קען מען זיך בכלל דערוועגן אנטקעגנצושטעלן דער קולטור־ירושה פונעם גלות, יענעם גייסטיקן ריזן־בנין, וואס האט באמת נישט זיין גלייכן אין דער גאנצער וועלט, דעם קולטור־דילעטאנטיזם פון מדינת־ישראל? דאס איז דאך דער עם־הארץ, וואס איז אויף אזוי ווייט אן עם־הארץ, אז ער ווייסט אפילו נישט וואס אן עם־הארץ מיינט.

מחמת עס וואלט געדארפט זיין פונקט קאפויער, עס וואלט גע־דארפט זיין גאר אינגאנצן פארקערט.

די יונגע מדינה וואלט זיך געדארפט שאצן גליקלעך, אז זי האט אונטער זיך אזא קולטור־רעזערוואואר, ווי דעם גלות. זי וואלט זיך געדארפט, וואס מער און וואס גיכער פארבינדן מיט אים, זיך צוטוליען צו אים, זיך גייסטיק צוקניפן צום גלות, במקום מבטל צו זיין צייט און כוחות מיט נישטערן אין דעם נאענטן, צי אין דעם ווייטן עבר און מיט זשעברען ביי אים א גייסטיקע נדבה.

וואס איז נוגע די שפראך, וואלט איווריט, וואלט עברית זיך געדארפט וואס גיכער און וואס אינטענסיווער צוקניפן צו יידיש, צוטוליען צו מאמע־לשון. מחמת נאר דורך די דאזיקע צנורות קען אים צושטראמען יידיש בלוט, קען אים צוקומען יידיש לעבן, יידישער טעם און חן. עברית אן יידיש, אן דער ירושה פון דעם יידישן לעבן אין גלות מוז לעולם בלייבן א האלבע זאך, א פערטעל זאך, א נאקעטער, בלוט־ארעמער קערפער, וואס פון אים איז ארויסגעצויגן געווארן זיין בלוט און זיין מארך, בלוט און מארך פון צוויי טויזנט יאר יידיש לעבן און טויזנט יאר יידישע שפראך. עברית אן דעם גלות, אן די ווערטן וואס זענען געשאפן געווארן אין גלות, סיי פאזיטיווע, סיי נעגאטיווע ווערטן — דאס קען מען זיך ביים רבש״ע נישט באשטעלן — וועט לעולם קרענקען אין א וואקואום, אין א ליידיקן רוים. עס וועט איר פעלן א חלק פון דעם יידישן נפש, זי וועט האבן א לאך אין דער נשמה, זי וועט זיין און בלייבן א פסיכישער קריפל, א שפראכלעכער בעל־מום.

ביאליק האט דאס פארשטאנען, בעת ער האט געבענטשט די הענט, וואס שאפן אין יידיש פאר דעם פאלק — תהיינה ברוכות הידיים היוצרות בשביל העם באידית. ביאליק האט דערפון געוואוסט, בעת ער האט בעניוות אויסגעדריקט זיין דאנק צו דער יידישער שפראך, וואס האט געכאוועט און געווארעמט די העברעאישע שפראך א סך טעג — וודאי שחייבים אנו תודה ללשון האידית, שחממה את הלשון העברית ימים רבים.

היינט נויטיקט זיך אבער עברית אין דער דאזיקער ווארעמקייט אפשר א סך מער ווי דעמאָלט, מחמת עס איז היינט א סך ווייטער פון איר.

דערמיט, מיט דעם אומקערן זיך צום גאנצן יידישן פאלק און צו דער יידישער פאלקסשפראך, מיט דעם אריינשטעלן זיך צוריק אין דעם לעבעדיקן שטראם פון דעם נאטירלעכן היסטארישן המשך, וואלט עברית זאפארט געפונען א זכות, וואלט זי ווידער געפונען די פונקציע, וואס אגב האט זי זי קיינמאל נישט אינגאנצן אנגע־ווירן און וואס איז קיינמאל נישט אינגאנצן איבערגעריסן געווארן. דורך דער באריר ונג מיט המשכדיק לעבן, וואלט עברית זיך אליין

געפונען, וואלט זי זיך אומגעקערט צו איר שורש, וואלט עברית תיכף אויפגעהערט צו זיין עברית און וואלט צוריק געווארן לשון-קודש. וואלט זי צוריקגעוואונען איר קרעאטיוון כוח צוזאמען מיט דעם גאנצן חשיבות און דער דערהויבענער באשטימונג פון אונדזער הייליקער, אונדזער אייביקער שפראך.

איז אויב מען וועט מיר דא פירהאלטן און מיך פרעגן, צי וועט מען נישט נאך אזא אומקער אפשר גאר אינגאנצן אויפהערן צו רעדן עברית אין מדינת-ישראל און וועט דארט אנהויבן צו רעדן יידיש, וועל איך מיך פאר אזא פראגע לחלוטין נישט דערשרעקן, מחמת קיין עוולה, וואלט דאס געווים נישט געווען.

און אויב מען וועט שפעטן: ווילט איר, הייסט עס, צוריקדרייען דעם ווייזער פון דער געשיכטע? איז נישט וויכטיק צי איך וויל צוריקדרייען דעם ווייזער פון דער געשיכטע. אבער מען וועט מוזן צוריקדרייען דעם ווייזער פון דער יידישער געשיכטע, אויב די געשיכטע זאל בלייבן יידיש!

די יידישע געשיכטע האט שוין נישט איינמאל געשטעלט אונדזער אומה פאר אויפגאבן, וואס לויט מענטשלעכע השגות איז מענטשלעכער כוח נישט ביכולת זיי מקיים צו זיין. פונדעסטוועגן זענען זיי אבער פארט דער איינציקער וועג! יעדער איינער מעג זיך טראכטן, אז אויף אזא וועג קען מען נישט גיין, אז איבער אזא וועג קען מען קיינמאל נישט אריבער. איז דער תירוץ, אז אויב מען קען נישט אריבער, מוז מען — אריבער!

דעם תמצית פון אונדזערע אויספירן ביז אהער קען מען בצמצום כולל זיין אין די דאזיקע כללים:

א) לשון-קודש, די הייליקע שפראך פונעם יידישן פאלק, האט אויפגעהערט ווי א גערעדטע שפראך מיט אן ערך צוויי טויזנט יאר צוריק.

ב) אראמיש, די צווייטע רעפרעזענטאטיווע יידישע שפראך — שוין אין גלות — האט אויך גענומען א סוף ווי א גערעדטע שפראך.

ג) דער סוף פון די דאזיקע לשונות מיינט אבער נישט דעם

סוף פון זייער השפעה אויף דעם יידישן פאלק, צוליב די גייסטיקע אוצרות, וואס זענען דארט אויפגעזאמלט.

ד) די דאזיקע אוצרות זענען א פועל־יוצא פון אונדזער יידיש־רעליגיעזער קולטור, דער איינציקער אמת יידישער קולטור, וואס פארדינט אזא נאמען.

ה) די דאזיקע שפראכן האבן נישט אנגעוואוירן זייער קרעא־טיווען כוח אפילו אין מאדערנע עפאכעס, אבער נאר ווי שריפט־שפראכן און נאר אין שטענדיקן שייכות מיט זייער הייליקן מקור.

ו) דאס נישט־באנוצן זיך מיט די דאזיקע פארהייליקטע שפראכן, ווי גערעדטע שפראכן, דאס הייסט פאר דברי־חול, איז אין הסכם מיט יידיש־רעליגיעזע השקפות.

ז) דאס נישט־באנוצן זיך מיט די דאזיקע פארהייליקטע שפראכן, ווי גערעדטע שפראכן, איז אפילו דער תנאי צו זייער ווייטערדיקער, נישט געשטערטער עקזיסטענץ. דער דאזיקער תנאי האט גורם געווען זייער לעצטע גילטיקע געשטאלט און פארזיכערט זיי מיט אן אייביקן באשטאנד.

ח) דער ניי־צייטיקער אויפקום פון העברעאיש אדער איווריט, ווי א גערעדטע שפראך, איז דער פועל־יוצא פון א קאלעקטיווער נאציאנאלער אסימילאציע, אנהויבנדיק זיך מיט דער השכלה־באוועגונג. ער איז בדרך־כלל אן אויסדרוק פון דער קעגנווערטיקר רעליגיעזער דעגענעראציע ביים יידישן פאלק. ער איז אן אוטאפישע אונטערנעמונג. די רעאליזירטע אוטאפיע איז נישט אין הסכם מיט יידיש־רעליגיעזע השקפות.

ט) יידיש־אשכנזיש אדער קורץ יידיש, וואס ווערט באנוצט, ווי א גערעדטע שפראך, פון דעם רוב מנין ובנין פון דעם יידישן פאלק היינט און שוין אן ערך טויזנט יאר, איז די דריטע רעפרעזענטאטיווע יידישע שפראך.

י) יידיש איז דער ארגאנישער שפראכלעכער המשך פון דער יידישער געשיכטע. יידיש איז דער נאטירלעכער אויסדרוק פון דער יידישער קולטור.

יא) יידיש האט צוליב זיין באזונדערן היסטארישן און קול־טורעלן, קוואליטאטיוון און קוואנטיטאטיוון חשיבות, וואס וועגט

איבער דאס חשיבות פון אנדערע, בארעכטיקטע יידישע גלות-שפראכן, איבערגענומען די שפראכלעכע העגעמאניע ביים יידישן פאלק.

יב) יידישע שפראך און יידישע ליטעראטור קענען נאר האבן א קיום אין שטענדיקן שייכות מיט און ווי אן אויסדרוק פון דער יידישער, דאס הייסט, יידיש-רעליגיעזער קולטור. די יידישע ליטעראטור מוז זיין רעליגיעז, אדער זי וועט בכלל נישט זיין.

יג) דער יידישער שפראך און דער יידישער ליטעראטור, ווי אן אויסדרוק פון אמתער יידישער קולטור, איז צוגעזיכערט אן אייביקער באשטאנד.

דער שרייבער פון די דאזיקע שורות איז זיך באוואוסט, אז אויב מען זאל מסכים זיין מיט זיינע כללים, אויב מען זאל אפילו אינגאנצן מסכים זיין מיט דעם גאנג פון זיינע געדאנקען, וועט מען אים דווקא צוליב דעם מוזן שטעלן אייניקע גאר הארבע קשיות.

אויב עס פארהאלט זיך אזוי, אויב יידיש האט היינט באקומען דעם הויכן היסטארישן כבוד צו זיין דער שפראכלעכער רעפרעזענטאנט פון דעם יידישן פאלק, פון וואנען, וועט מען פרעגן, נעמען זיך אלע יענע פריקרע פגעים-רעים, פון וועלכע ער איז באפאלן געווארן? פון וואנען נעמט זיך די קוואליטאטיווע און קוואנטיטאטיווע ירידה פון יידיש? פון וואנען נעמט זיך די אומבאגרייפלעכע לעטארגי ביי די בארופענע אפוטרופסים פון דער יידישער שפראך, פון וואנען דער פערמאנענטער פעסימיזם, די שטענדיקע מורא פאר זיין עקזיסטענץ, פון וואנען די פסיכישע מחלה, וועגן וועלכער מיר האבן גערעדט ביים אנהויב פון אונדזער אפהאנדלונג? און וואס, מוז מען דערהויפט פרעגן, איז די רפואה, די תרופה צו דער דאזיקער קרענק? וואס זענען די מיטלען צוריקצופירן יידיש צו זיין הויכער היסטארישער באשטימונג און אים צוריקצוגעבן די כוחות, מיט וועלכע ער זאל קענען מקיים זיין די דאזיקע באשטימונג?

אויף די דאזיקע זער בארעכטיקטע פראגען קענען מיר דא און לעת-עתה נישט געבן קיין אנדערן ענטפער, ווי נאר בעניוות מודה זיין, אז דערביי האנדלט זיך וועגן א קאמפלעקס, וואס אים צו

פארענטפערן בפרטיות און מיט אחריות איז שוין לכתחילה נישט געווען אין דער כוונה פונעם מחבר.

דער דאזיקער קאמפלעקס פון פראגען נויטיקט זיך אין א באזונדערער באהאנדלונג, וואס מיר האפן זיך דערמיט מתעסק צו זיין אין אן אנדערער ארבעט.

מיט דער איצטיקער שריפט האבן מיר קודם־כל מכוון געווען אוועקצורוימען די טעארעטישע, די אזוי צו זאגן איינגערעדטע מניעות, וואס זענען געשטאנען און שטייען נאך עד־היום דער יידישער שפראך אין וועג, בפרט די סטראשידלע פון איוורית. די כוונה איז קודם־כל געווען אפצורייניקן פונעם פעלד דעם זאמד פון ביליקע טענות און די שפיציקע שטיינער פון שנאה קעגן יידיש, וואס זענען דארט געלעגן און האבן זיך ערטערווייז שוין געהאט טיף ארייננגעזאפט און ארייגעהאקט אין דעם לכתחילה גוטן, געזונטן און פרוכפערדיקן באדן.

נאר אפשר האט זיך דער חשובער לייענער, בשעתן לייענען און ביי דער געלעגנהייט פון געוויסע כאראקטעריזירונגען פון דער העברעאישער שפראך, שוין אליין געמאכט זיין פירוש. אפשר האט ער זיך, דורך א גלייכער גזרה־שוה, שוין אליין אנגעשטויסן אויף די פעלערן, די טעותן און די זינד, גייסטיקע טעותן און היסטארישע פארזינדיקונגען, וואס זענען אויך באגאנגען געווארן אין דעם תחום פון אונדזער יידיש. און אפשר האט ער זיך אליין משער געווען, אז די אמתע מניעה קען נאר זיין אן אינערלעכע און ליגט אין אונדז אליין און אז אויב מיר וועלן נאר גובר זיין אונדזער אייגענע אינערלעכע שוואכקייט, וועלן זיך אויך די פרעמדע שונאים אינגיכן פארמארען.

מחמת ווי דוד א י י ד ע ל ס ב ע ר ג האט מיט א צייט צוריק אנגעוויזן אין זיין אויסגעצייכנטן ארטיקל "די נייע 'מלחמה' צווישן יידיש און העברעאיש", (אפגעדרוקט אין ניו יארקער "מארגען זשורנאל"), ליגט דער תנאי צום קיום פון א שפראך קודם־כל אין איר תוכן. א י י ד ע ל ס ב ע ר ג באמערקט דארט — מיר מוזן נאר א ביסל משנה זיין דעם סדר פון זיין באמערקונג, מחמת ער האלט נישט ביי קיין פולער נעגאציע פון איוורית — אז א ל ץ, וואס ער האט געזאגט וועגן א ריין וועלטלעכן העברעאיש איז פונקט אזוי חל אויף א ריין

וועלטלעכן יידיש. אויך ער קען נישט אויסהיטן פון אסימילאציע, כמובן, פון גייסטיקער אסימילאציע.

„איינער קען זיין" זאגט א י י ד ע ל ס ב ע ר ג, „א גאנץ ווייטער מחותן מיט יידישקייט, אפילו ווען ער זאגט „חוה, גרייט צום טיש" אנשטאט „חוה, ערכי את השולחן"...

און מיר ווילן צוגעבן, אז דאס דאזיקע גילט און וועט אזוי לאנג גילטן, סיי פאר ארץ־ישראל, סיי פארן גלות, ווי לאנג דער טיש וועט נישט זיין קיין יידישער, נישט ווערן צוגעגרייט אויף א יידישן אופן, הקיצור, ווי לאנג עס וועט דערפון נישט ווערן אן אמתער, אן ערלעכער יידישער „שולחן ערוך"...

פונדעסטוועגן איז פארט פארהאנען א „קלענער" חילוק. פונדעסטוועגן נעם איך מיר די פרייהייט צו זאגן, אז אויב דער מעמד פון דער יידישער שפראך וואלט געווען, חלילה, נאך טויזנט מאל מער מסוכנער, אז אויב אויף דער וועלט וואלט געבליבן, חלילה, נישט מער ווי א י י ן מנין יידן, וואס זאלן רעדן יידיש, וואלט די צוקונפט פארט געלעגן ביי זיי. ליגט די הבטחה אויף דעם עתיד נאר ביי זיי, נאר ביי אונדז, ביי אונדז יידיש רעדנדיקע, יידיש לייענענדיקע, יידיש שרייבנדיקע, יידיש לעבנדיקע מענטשן. מחמת מיר און נאר מיר פארמאגן דעם סוד, דעם טייערן שם, דעם גאלדענעם שליסל, וואס קען אויפשליסן דעם טויער פון דער געשיכטע, דורך וועלכן מען טרעט אריין אין דעם לעבעדיקן שטראם פון היסטארישן המשך.

אמת, יידיש האט אויף זיין געשיכטלעכן גאנג זיך פאבלאנדזשעט און איז אראפ פון וועג. יידיש אין אונדזער צייט האט געדארפט ווערן דאס, הגם אויף א מאדערנעם אופן און אין א מאדערנער פארם, וואס יידיש־אראמיש איז געווען אין זיין צייט. דער גאנצער דרך פון יידיש האט פון סאמע אנהויב אן אויף דעם געטייט. די געשיכטע פון דער יידישער שפראך באווייזט, אז יידיש האט — נישט געקוקט אויף די וויסנשאפטלעכע שארלאטאנסטוועס פון די מאטעריאליסטישע שפראך־מפרשים — שטענדיק געטראגן א דורכויס רעליגיעזן כאראקטער, ווי אלצדינג צו וואס דער יידישער מענטש רירט זיך צו.

עס קען אויך גאר נישט זיין אנדערש.

אויב עסן א שטיקל ברויט און טרינקען א גלעזל טיי, אויב אנטון א מלבוש און אויסטון א שיך איז געווען, אין א זער באשטימטן זינען, כמעט א רעליגיעזער אקט, אדער האט זיך לכל־הפחות געניויטיקט אין דער פארבינדונג מיט א רעליגיעזן באגריף און מיט א רעליגיעזער ברכה, וואו בלייבט דא נאך פלאץ פאר דער כימערא פון אזוי גערופע־נער "וועלטלעכער יידישקייט"?

ווי לאנג דער ייד איז געווען א ייד, איז אויך זיין וועלטלעכקייט געווען א יידישע, א יידיש־רעליגיעזע, געשפייזט און דורכגעדרונגען מיט רעליגיעזע באגריפן און אידייען אויף אלע געביטן און — אויפן געביט און אין דעם פראצעס פון שפראכשאפונג און פון ליטעראטור — מיט ווערטער און מיט א ליטעראטור פאר די דאזיקע אידייען און באגריפן. פאר דעם בעל־מאמין איז די השגה פון א "וועלטלעכער יידישקייט" פונקט דער היפוך פון דעם, וואס אמתע יידישקייט דארף זיין. פאר אים באשטייט דער הויפט־תכלית פון יידישן לעבן אין דעם, צו דערהויבן די וועלט צו א העכערער מדרגה, זי צו פארהייליקן, צו פ א ר י י ד י ש ן. איז אויב מען זאל דווקא וועלן אריינציען אין א דעפיניציע פון דעם יידישן לעבנס־תכלית דאס ווארט וועלט, וואלט מען נישט געדארפט רעדן וועגן יענעם נעפלדיקן באגריף, וואס רופט זיך וו ע ל ט ל ע כ ע י י ד י ש ק י י ט, נאר אדרבה, וואלט מען גע־דארפט רעדן וועגן א י י ד י ש ע ר ו ו ע ל ט ל ע כ ק י י ט!

דאס איז אזוי געווען, ביז מיר זענען צוגעקומען צו דער מאדער־נער תקופה און עס איז געשען דאס, וואס האט קיינמאל נישט געטארט געשען און וואס איצט איז די שעה, די צוועלפטע שעה, עס צו פאררעכטן.

און מיר זענען בטוח, אז מען קען עס פאררעכטן!

אבער פאררעכטן קען דאס נאר, דארף דאס נאר, טאר דאס נאר יידיש, דער נייער, דער געלייטערטער, דער יידישער יידיש — נישט העברעאיש!

דער שרייבער פון די דאזיקע שורות האט זיך קיינמאל נישט געהאלטן פאר קיין יידישיסט און זיך קיינמאל נישט אזוי גערופן. אבער אויב עס קומט אמאל אן אויגנבליק אין דער געשיכטע, וואו מען דארף לייגן דעם טראפ אויף א באשטימטן אספעקט פון א זאך

און אים אקצענטירן, איז עס היינט דאס חשיבות פונעם יידישן ווארט. היינט וואלט עס אפשר געווען אין דער צייט, ווידער אויפצונעמען דעם אלטן קאמף-נאמען, כמובן מיט דעם נייעם, דעם באנייטן תוכן און זיך צו רופן "יידישיסטן", אזוי לאנג ביז מיר וועלן זיך ווידער מעגן, ביז מיר וועלן דערגרייכן די מדרגה זיך ווידער צו מעגן רופן פשוט: יידן.

מיר יידישיסטן קענען נישט גלויבן, אז דער טייערער אוצר, אז די וואונדערלעכע כלי, וואס איז אונדז באוויליקט געווארן פון דער היסטארישער השגחה, אז יידיש זאל גיין לאבוד, איידער עס האט מקיים געווען זיין היסטאריש שליחות. מיר יידישיסטן גלויבן, אז יידיש מוז קודם ארויסזאגן יענע ווערטער, מוז קודם שאפן יענע ווערק, וואס זאלן אויך זוכה זיין אריינגענומען צו ווערן אין דעם צרור-החיים, דעם אייביקן בונד, וואו פון וויסנשאפט און פילאסאפיע איז געווארן — תורה, פון ליטעראטור — כתבי-קודש, פון פאעזיע — פיטנות!

אגב געווינט די דאזיקע דעה וואס מער פארשפרייטונג און עס האט זיך, סוף-כל-סוף, אויך ביי די וועלטלעכע יידישע, בפרט יידיש-ליטעראַרישע קרייזן אין די לעצטע יארן, אדער ריכטיקער אין די לעצטע חדשים דערהויבן דער רוף נאך — יידישקייט!

דער דאזיקער רוף נאך יידישקייט, די שפעט דערקענטע טענה, אז אן יידישן תוכן גייט עס נישט — און ווי אנגעלייגט אזא תשובה זאל נישט זיין — איז אבער לעת-עתה, ווי עס ווייזט אויס, גיכער מער דער פועל-יוצא פון א פלוצימדיקער פאניק, איידער פון א טיפן אינערלעכן שינוי און א טיפער אינערלעכער איבערצייגונג. ער באציט זיך מער אויף דער סכנה פארן יידישן ווארט און פאר דער יידישער ליטעראטור. אבער אין דער אמתן איז די סכנה א פיל טיפערע, די געפאר א ווייט גרעסערע.

די שפראכלעכע, די אזוי צו זאגן לינגוויסטישע און ליטעראַרישע קאטאסטראפע איז נאר א י י ן זייט פון א שווערער, אן אינער-וויניקער, אן עצמדיקער קאטאסטראפע, וואס שפילט זיך איצט אפ אין די גייסטיקע געמארקן פון דעם יידישן פאלק. מיר האלטן ביי

אן איבערבראך, א פסיכישן קריזיס, וואס פארשפרייט איבער אונדז אלע זיין ברייטן, זיין סטראשענדיקן שאטן.

מיר פילן, מיר ווייסן היינט שוין זיכער, אז די ירידה פון דער יידישער שפראך און פון דער יידישער ליטעראטור רירט אן ביי אונדז א סך מער, ווי בלויז ליטעראטור און שפראך. זי רירט אן אונדזער עצם עקזיסטענץ. זי גרייפט אן אונדזער גייסטיקן יידישן באשטאנד. זי אטאקירט דעם קולטורעלן קיום פון דעם יידישן פאלק, פון אונדז יידן אין גלות.

דארף מען זיין געווארנט, אז דער רוף נאך יידישקייט זאל נישט ווערן קיין ביליקע פראזע, נישט זיין בלויז א ווארט און — אז עס זאל נישט בלייבן ביים ווארט. דארף מען זיך אפגעבן א דין־וחשבון, וואס דאס ווארט באטייט און וואספארא התחיבותן עס לייגט ארויף אויף דעם יידישן מענטש.

דארף מען פארשטיין, אז מיט דעם דאזיקן גורלדיקן ווארט מוז זיך אנהויבן אן אמתער אומקער, א ראדיקאלער שינוי אין גאנצן יידישן שאפן און — דער עיקר — אין גאנצן יידישן לעבן, וואס לויט יידישע השגות טאר צווישן זיי ביידע נישט שטיין קיין שום מחיצה, נישט באשטיין קיין שום סתירה.

דארף מען וויסן, אז דאס צוריקגיין צו יידישקייט, דאס אריינ־נעמען פון יידישן תוכן אין דעם תחום פון דער יידישער ליטעראטור געשעט נישט, ווי א מיטל צום צוועק, נאר ווי א תכלית פאר זיך.

מיר קערן זיך אום צו יידישקייט, נישט מחמת מיר נויטיקן זיך שטארק אין נייע שאפונגס־וועגן פארן יידישן ווארט — ווי חשוב דאס זאל נישט זיין, צי מחמת מיר דארפן זער געניטיק א נייע און פרוכפערדיקערע טעמאטיק פאר דער יידישער ליטעראטור — ווי אמת דאס זאל נישט זיין!

מיר קערן זיך אום צו יידישקייט, נישט מחמת אן דעם קענען מיר נישט שרייבן, נאר מחמת אן דעם קענען מיר נישט לעבן, קענען מיר נישט אטעמען. אן יידישקייט זענען מיר ווי פיש ארויסגעצויגענע פון וואסער, זענען מיר ארויסגענומען אויס דעם עלעמענט פון אונדזער לעבן, פון דעם "מים חיים", וואס איז דער תנאי צו אונדזער גאנצער עקזיסטענץ.

מיר קערן זיך אום צו יידישקייט, מחמת יידישקייט איז אמת, איז גוט, איז אונדז ליב און טייער, מחמת מיר ווילן צוריקגעפינען דאס פארלוירענע, צוריקגעווינען דאס לייכטזיניק פארשפילטע.

יידישקייט דאס איז אונדזער היסטארישער גורל, אונדזער גייסטיקער געצעלט, דאס איז אונדזער גייסטיקע נאציאנאלע היים. דאס איז לויט א ווארט פון ה י י נ ע , אונדזער "פארטאטיווער פאטער-לאנד", א פאטערלאנד וואס מיר קענען מיטנעמען איבעראל, וואו אונדזער פוס טרעט. יידישקייט דאס איז יענער מעכטיקער בנין, געבויט אויף דעם יסוד פון תורה, צעמענטירט פון א געוואלדיקער יידיש-רעליגיעזער ליטע-ראטור, אויסגעפרואווט אין טויזנטער יאר יידישע געשיכטע, פאר-קייטלט מיט א פארהייליקטער מסורה און פארקיטעוועט מיט ימים יידיש בלוט, מיט דעם בלוט פון אונדזערע קדושים פון אמאל און פון היינט.

דעריבער מיינט יידיש קודם-כל יידישקייט און יידישקייט וועט שוין ממילא פירן צו יידיש. דעריבער קערן מיר זיך פריער אום צו יידישקייט און ערשט דערמיט און דורך דעם און דערנאך צום יידישן ווארט.

נאר אזוינע יידישע ווערטער קענען ביי אונדז געווערן און האבן א קיום, נאר זיי קענען ווערן און בלייבן אן אייביקער יידישער באזיץ, מחמת נאר אין זיי קען מען געפינען אלע אוצרות פון דער אייביקער יידישער נשמה. אזוינע ווערטער פארמאגן פאר דעם יידישן געפיל די ווייכקייט פון א פלושענעם פרוכת, פאר דעם יידישן אויג דעם נשמה-גלאנץ פון שימערירנדיקע שבת-לייכטער און צו דעם יידישן אויער קלינגען זיי מיט דעם ליבלעכן קלאנג פון זילבערגלעקלעך, מיט דעם קלאנג פונעם "כתר", מיט וועלכען מיר קרוינען דעם מקור פון דעם יידישן גייסט, אונדזער הייליקע תורה!

## ביכער פון מחבר:

"דער חיוב פון אבלות", עסיי, לאנדאן, 1944

"געזאמלטע לידער", דריי טיילן, לאנדאן, 1946

"אויף יידישע יסודות", עסייען, לאנדאן, 1948

דער פארלאג גרייט צו:

## ״דער אלף־בית פון יידישקייט״

א פעריאדישע אויסגאבע פון בראשורן וועגן אקטועלע יידישע פראבלעמען, פארפאסט פון יידיש־רעליגיעזע מחברים, אונטער דער רעדאקציע פון

**יעקב שמואל טויביש**

די ערשטע דריי בראשורן זענען פון:

**הרב חיים אורי הלוי עטנער**

א) ״נישט־גלייביקע מאמינים״

ב) ״ארטאדאקסישע אסימילאציע״

ג) ״קדוש־השם און חלול־השם אין אונדזער דור״

בקרוב דערשיינט אין גלייכן פארלאג:

## ״דאס פארגליווערטע ליכט״

פופציק חסידישע דערציילונגען

פון

**יעקב שמואל טויביש**